# די פּוסטע קרעטשמע

א פאלקסשטיק
אין פיר אקטען
פון
פּרץ הירשביין

ISBN: ISBN:0-657-14424-X
Barcode/EAN: 9780657144241

# די פוסטע קרעטשמע

א פאלקסשטיק
אין פיר אקטען
פון
פרץ הירשביין.

# פערזאנען:

בענדעט. א׳שובניק האנדעלט מיט פערד.

כיענע. זיין ווייב.

מייטע. זייער טאכטער.

שאכנע. זיין פאטער.

איציק. זיין ברודערס א זון, האנדעלט מיט בענדעטן.

ציפקע. איציקס א שוועסטער.

אייזיק. בענדעטס א שכן, א קרעטשמער.

לייבוש. זיין זון.

נאהנטע ישובניקעס. געסט. סוחרים. אומבעקאנטע מענשען. כלי זמרי-

# ערשטער אקט.

## ביי בענדעטען.

רעכטס, א גרויסע שטוב געדעקט מיט שטרוי. פאר'ן טיר א בריקעל. פון שטוב, מעהר צו לינקס, ציהט זיך א גרויסע שטאל, וואס עפענט זיך מיט א טויער. ווען מען עפענט די שטאל, זעהען זיך דארט פערד. אינ'ם הינטערגרונד א צוים. און בוימער ביים זייט. פון דער וויטענס זעהען זיך לאנקעס. לינקס א זאמדיגער וועג מיט ביימער ביי די זייטען. ביים וועג א ברינען מיט א קאריטע, בהמות אנצוטרינקען. פאר'ן שטוב א פריזבע צום זיצען.

פארנאכט. פון צייט צו צייט דערטראגט זיך פון וויטען א געזאנג פון פויגעל, מהו-קען פון קיה, קוואק'ען פון קאטשקעס.

### שאכנע.

אנגעטאן, אין ווייסע לייווענטענע הויזען און אין שטיוועל; פון אויבען א גרויסער טלית קטן מיט לאנגע ציצית. אויפ'ן קאפ א יארמעלקע. ער בעוויזט זיך אין דעד שטוב-טיר. ער פיהרט א קעלבעל פאר די אויערען. דאס קעלבעל רייסט זיך צוריק אין שטוב אריין, ער איז זעהר אלט און קען עס ניט אנ'עצה געבען. ער רעדט צום קעלבעל:

אנגעפויעט דיך, געה זשע צוריק אין שטאל אריין... ציפקע! מיין קלוגע אייניקעל... וועסט העלפען דעם זיידען דאס קעלבעל אין שטאל אריין צו פערטרייבען. די מומע וועט קומען, וועט זי שרייען, נאכסאל מען האט עס אין שטוב אריינגענומען... און, אז מייטע וועט קומען.. ציפקע.. ציפקע...

### ציפקע.

א שווארץ מיידעל מיט געקרייזעלטע האר קומט צולויפען פון שטאל בארוויס.

מיט א רוט וועל איך איהר שמייסען און דו, זיידע, פיהר איהר ביי די אויערען, אט אזוי, אט אזוי...

### שאכנע.

אפ, אפ, אט אזוי; וועט עס זיין א תנאים; אפ, אפ, אט אזוי.

**ציפקע.**

קישט דאָס קעלבעל אויפ'ן קאָפּ.

וואָס איז דאָס קעלבעל, געבעך, שולדיג, אַז בײַ מײַטען דאַרף זײַן תנאים?

**שאַכנע.**

אָפּ, אָפּ, אין שטאַל אַרײַן.

ער טרײַבט דאָס קעלבעל אין שטאַל.

**ציפקע.**

פאַר וואָס, זײַדע, פּאָהרסטו קײנמאָל צו אונז נישט אַראָב? מײַנסט, בײַ אונז וועט דיר זײַן שלעכט?

**שאַכנע.**

כ'וועל נאָך בײַ אײַך אויך זײַן. דײַן טאַטע פּיניע איז מיר אַ זוהן און דײַן פעטער בענדעט איז מיר אַ זוהן.

**ציפקע.**

טאָ פאַרוואָס פּאָהרסטו נישט צו אונז?

**שאַכנע.**

באַנ'אײַך איז שווער אויפצושלאָגען אַ מנין שבת. דײַן טאַטע קען דאַווענען אָהן אַ מנין אויך. נאָר כ'וועל קומען, כ'וועל קומען. גאָט וועט געבען נאָך מײַטעס חתונה; בײַ דיר, אם ירצה השם, וועט תנאים זײַן, וועסט אַ כלה ווערען...

**ציפקע.**

שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.

**שאַכנע.**

וואָס לאַכסטו, קעלבעלע! ווי ווײַט איז פון טופּצעהן ביז זעכצעהן?

**ציפקע.**

איך בין נאָך אינגאַנצען פערצעהן יאָהר אַלט.

**שאַכנע.**

און ווי ווײַט איז עס פון פערצעהן ביז זעכצעהן? יעמאָלט וועט דער זײַדע אַראָבקומען, וועט ער דיך עס אויספּוצען און טאַנצען מיט אַ פלעשעלע אויפ'ן קאָפּ (ציפּקע לויפט אין שטוב אַרײַן). אַ חאַוהין, ציפקע?

**ציפקע.**

(קומט מיט א פלעשעל אין האנט).

אַנו, בעווייז, זיידע, ווי דו וועסט טאַנצען מיט'ן פלעשעל אויפ'ן קאָפּ.

**שאַכנע.**

ביזט א קעלבעלע. נישט מיט אזוינס טאַנצט מען. דאָס פּלעשעל בעדאַרף זיין פול מיט דעם בעסטען ווייַן. און אַרום דעם ייִדען זאָלען שטעהן אין קאַראַהאָד דער חתן מיט דער כלה און אַלע מחותנים, האַלטען זיך האַנט ביי האַנט און אָנגעטאָן אין שבת'דיגע בגדים — יעמאָלט וועט דאָס פלעשעל אויפ'ן זיידענס קאָפּ אַיינשטעהן, ווען ער וועט טאַנצען. (בעקוקט דאָס פלעשעל) חי-חי-חי — דאָס איז דאָך דאָס פלעשעל, וואָס מען האָט דאָס קעלבעל געפּויעט, נאַרעלע דו.

**ציפקע.**

אין ביי מייטען צו די תנאים וועסטו טאַנצען?

**שאַכנע.**

אפשר.... גאָט ווייסט, ווען איהר חתונה וועט נאָך זיין. דער פּע־טער עקשנ'ט זיך און מיר געפעלט עס גאָר ניט... (עס דערטראָגט זיך פון ווייטען א שאַרפער צווי קלאַנגענדיגער פייף פון א פויגעל) אַ שאָד, ס'וועט שוין מאָרגען ווידער רעגענען.

**ציפקע.**

פון וואַנען ווייסטו עס?

**שאַכנע.**

הערסט דאָך, ווי ער פייפט; ס'איז פּאַר אַ רעגען (אין שטאַל מעקעט דאָס קעלבעל). וואָס ווילסטו דאָרט? כ'וועל דיך אויפ'ן גראָז נישט אַרויסלאָזען! האָסטו זיך נישט בעדאַרפט אַזוי פערשפּעטיגען. פאַר פּורים ווערט מען געבוירען, נישט אַ שטיק נאָך פּסח. וואָלסטו נישט אַזוי שפּעט געבוירען געוואָרען, וואָלסטו שוין איצטער מיט דיין מאַמען אויפ'ן לאָנקע אַרומגעבריקעוועט. נאָכמאַל האָסטו זיך אַזוי פערשפּעטיגט?... חי-חי-חי — זעהסט ציפקע, ס'איז שטיל געוואָרען. חי-חי-חי, עס הערט זיך איין; עס פערשטעהט... קלייב

אָן, מײן קינד, הינטער'ן שטוב טרוקענע שפּענער. די מומע װעט קומען, װעט זי אַ פײער אױפלעגן און קאָכען װעטשערע.

ס'הערט זיך דאָס הירזשען פון אַ פערד, לינקס, הינטער'ן שטוב.

**ציפּקע.**

דער פעטער פאָהרט;

לױפט צום טױער.

**שאַכנע.**

אַלײן?

**ציפּקע.**

אײזיק איז אױך מיט איהם געקומען.

**בענדעט.**

אַ פעטער ישובניק, אין אַ לאַנגען קאַפּטען און מיט אַ שטריק אונטערגעבונדען, קומט אַן מיט אײזיק'ן.

**אײזיק.**

אַ בלאָנדער ישובניק. אַ ביסעל דער רוקען געבױגען.

**בענדעט.**

קײנער נישטאָ אין דער הײם אַחוץ אײך?

**ציפּקע.**

איך און דער זײדע.

**אײזיק.**

דאָס איז, מסתמא, דײן פּיניעס אַ מײדעל?

**בענדעט.**

פאַר װאָס, ציפּקע, ביזטו נישט געגאַנגען מיט דער מומען אין דאָרף אַרײן?

**ציפּקע.**

אױ, כ'האָב געװאָלט בלײבען מיט'ן זײדען.

שאַכנע.

נאָכסאָל איז דער פערד אויפ'ן וועג געבליבען? זאָל מען איהם אויסשפּאַנען.

בענדעט.

דער טייוועל וועט איהם נישט כאַפּען. זעה, ציפּקע, אין קעלניע איז גראָז פאַרהאַנען, וועסטו איהם אונטערוואַרפען.

ציפּקע.

בעהט ארויס צום וועג.

שאַכנע.

זאָל מען איהם אויסשפּאַנען.

אייזיק.

מיר וועלען נאָך שפּעטער אין ערגעץ פאָהרען. — בענדעט! פרעג איהם, דעם אַלטען, לאָמיר הערען, וואָס ער וועט אויף דעם זאָגען.

בענדעט.

ער וועט געוויס נישט הייסען. מיט דער אַלטער מיינער וועט נאָך אויך זיין אַ שווערער עסק. (צו שאַכנען) טאַטע! איך וויל ביי דיר עפּיס פרעגען.

שאַכנע.

חי-חי-חי — צום טאַטען מיט אַנ'עצה — באַ, מסתמא אַ מעשה

אייזיק.

וועט איהר, ר' שאַכנע, פערזוכען מיין טאַבאַקז

דערלאַנגט איהם זיין טאַבאַק-פושקע.

שאַכנע.

טוט אַ שמעק טאַבאַק, פערנאַפּט פון תענוג.

אָט, דאָס איז אַ בחיר! אליין געריבען? האָסט מסתמא אַ גוטען שטיין. דאָס איז אַ בחיר; מעגסט איהם, בענדעט, פערזוכען, איך סדאָנזשע איהם שוין נישט אַזוי אַיינצורייבען.

בענדעט.

נו, איצטער, טאַטע, הער זשע אויס מיט קאָפּ.

מיט בעטומעל און געלעכטער רייסען זיך אריין מייטע און ציפּקע. קומען פון וועג

מייטע.

טראָגט אויפ'ן פּלייצע גראָז, אין א פלאכטע איינגעבונדען. זי בעמערקט אייזיק'ן, ווערט זי אומעטיג; ווארפט איהם א ברוגז'ן בליק. בענדעט מערקט עס.

בענדעט.

וואו איז די מאַמע?

מייטע.

זי געהט שוין אַהיים.

ציפּקע.

איך וועל איהר לויפען אנטקעגען.

פערשווינדט.

בענדעט.

צו מייטען.

טראָג די גראָז אין שטאַל אריין.

מייטע.

טראָגט דעם פּאַק אין שטאל אריין.

שאַכנע.

זאָלסט דאָרט דאָס קעלבעל נישט צרויסלאָזען.

געהט צום שטאַל.

אייזיק.

איז מיט א האָנער.

בענדעט.

איז דאָך מיינע א טאָכטער. אָט ווי דו זעהסט – די ערד ציטערט אונטער דעם.

אייזיק.

אַזעלכס בעדאַרף איך.

בענדעט

צווישען זיך גערעדט, איז עס אַ ביסעל פאַר דיר אַ צו טייערע סחורה. עס טרעפט נאָך אמאָל, אַז די קוה וויל פון שטאַל נישט געהן. אָ-אָ, ווי עס טרעפט. נאָר ביי מיר, מיין איך, וועט אַזוינס נישט פּאַסירען... אָט געהט זי שוין, די אַלטע מיינע.. וועסט שוין דאָ בלייבען איבער וועטשערע. מען וועט זיך אינאיינעם גוט דורכשמועסען — דערנאָך וועסטו פאָהרען אַהיים מיט אַ קלאָרע תשובה.

הינע.

קומט אַן.

ציפּקע.

טראָגט איהר נאָך אַ פּאַק גראָז אין אַ פלאַכטע איינגעבונדען.

הינע.

אָט איז ר' אייזיק, אַ גאַסט, אַ גאַסט. וואָס הערט זיך עפּיס באַנ'אייך?

אייזיק.

אַלדאָס גוטס

הינע.

איך וועל געהן אין שטוב אויפלעגען אַ פייער און איהר, ר' אייזיק, וועט דאָך, מסתמא, בלייבען ביי אונז איבער וועטשערע?

געהט אין שטוב.

בענדעט.

געוויס וועט ער בלייבען,

אייזיק.

מהיכא תיתא.

אייזיק און בענדעט זעצען זיך אויפ'ן פריזבע.

בענדעט.

פאַרשטעהסטו מיך, ווי מען וויל קען מען זאָגען; וואָטש נישט ווי מען וויל קען מען טאָן.

**א ײ ז י ק.**

אַנטקעגען װאָס זאָגסטו עס?

**ב ע נ ד ע ט.**

אָט, טאַקע מכּוח דער פּוסטער קרעטשמע, מכּוח מײַן בת־יחידה ס'איז פאַרט ניט אַ פערד צו פערהאַנדלען.

**מ ײ ט ע.**

קומט אַן.

איך װיל, אַז מען זאָל דאָס קעלבעל האָדעװען.

**ב ע נ ד ע ט.**

טראָג אַרײַן די גראָז אין שטאַל. די מאַמע האָט געבראַכט אַ טראָגען.

**מ ײ ט ע.**

אויף דעם איז גאָר גוט צו זיצען.

עצט זיך.

**ש אַ כ נ ע.**

קומט אַן.

װעט עס זײַן אַ תּנאים! אַ בחיר פון אַ קעלבעל.

**מ ײ ט ע.**

בײַ װעמען תּנאים?

**ש אַ כ נ ע.**

חי־חי־חי. בײַ מיר ט'זײַן אַ תּנאים.

**מ ײ ט ע.**

װאָס פאַר אַ תּנאים, טאַטע?

**ב ע נ ד ע ט.**

בײַ מיר אַ תּנאים.

אַ געלעכטער.

**מ ײ ט ע.**

קום צו מיר, ציפּקע.

ציפּקע זעצט זיך נעבען איהר, שטיפען ביידע.

**בענדעט.**

וואָס מיינסטו, טאַטע, מכח דער קרעטשמע?

**שאַכנע.**

וואָס פאַר אַ קרעטשמע? יענע?

**אייזיק.**

דאָרט ביים וועג, די פּוסטע.

**ענדעט.**

כ׳מיין, אפשר, וואָס זאָגסטו, טאַטע?

**שאַכנע.**

אונטערצינדען זי און גאָר. וואָס דען קענסטו מיט איהר מאַכען? וועסט זיך מיט „זיי״ אָנהייבען דאָרט...

**מיטע.**

אָ־אָ, איך אויף מיין טאַטענס אָרט וואָלט זי שוין לאַנג אונטער־געצונדען.

**אייזיק.**

אונטערצינדען גאָר?

**בענדעט.**

צינדען איז נישט נויטיג. דער אָרט איז שולדיג.

**שאַכנע.**

געוויס איז דער אָרט שולדיג.

**ציפּקע.**

דאָס איז די קרעטשמע, וואו ביי נאַכט ווערט אַליין פון זיך ליכטיג?

**בענדעט.**

אָט, זעהסטו, אַפילו זי ווייסט אויך פון דעם.

**אייזיק.**

אַלץ אויסגעטראַכטע מעשיות! נישט בעשטויגען און נישט גע־

פלויגען. וועד, למשל, האָט געזעהן, אַז דאָרט זאָל אַמאָל ליכטיג זיין?

בענדעט.

לאַכט.

כ׳וועל דיר זאָגען דעם אמת; איך בין דאָך עפּעס אַמאַנסביל און ס׳איז דאָך מיינער אַבנין, נאָר, אַז איך פאָהר דאָרט דורך אַמאָל ביי נאַכט, ס׳איז פינסטער – איז עפּעס נישט ווילענדיג גיב איך אַ קנאַק מיט דער בייטש, דער פערד זאָל טריט שטעלען... נאָר ס׳איז גאָר נישט; אַז מען האָט ישט בעדאַרפט – איז עס געשטאַ־נען, און איצטער וועט מען קיינעם נישט הערען און מען וועט עס אַראָבפיהרען פון דאָרט.

היענע.

קומט צרויס.

מייטע.

מאַמע, ר׳ אייזיק וויל אָבקויפען די פוסטע קרעטשמע.

היענע.

איהר זאָלט עס זיך ניט דערוועגען צו טאָן. כאָטש ס׳איז מיינס – נאָר כ׳הייס נישט, כ׳וויל אייך אין קיין בלאָטע נישט אַריינפיהרען.

בענדעט.

זאָט, הער זי, וואָס זי פּלאַפּעלט.

שאַכנע.

עך, וואָלטען „זיי״ דיך עס צושפּילט, וועז מען צינדט זי אונטער.

היענע.

איהר זאָלט עס נישט טאָן, ר׳ אַיידיק, ס׳פעהלט אייך נאָך מעהר נישט.

אייזיק.

ס׳האַלט נאָך ניט דערביי; כ׳ווייס, מען רעדט. איך זאָג, אַז מען זאָל דעם בנין פון דאָרט אַראָבנעהמען און איבערבויען אויף

אַנ'אַנדער אָרט, ווייל איך מיין, אַז דער בנין אַליין, איז גאָר נישט שולדיג.

בענדעט.

געוויס. דער אָרט איז שולדיג.

חיענע.

און פאַר וואָס איז דאָבע פאַר דער צייט אין דער ערד גע־גאַנגען?

בענדעט.

וואָס דאָבע איז אין דער ערד געגאַנגען — מען ווייסט דאָרט זעהר... וואָס מיינסטו, טאַטע, אַז מען זאָל די קרעטשמע פון דאָרט אַראָבנעהמען — אָט אַזוי ווי זי שטעהט און געהט? כ'מיין, מען זאָל זי צונעהמען, איבעראַנייעס אויפבויען, אויף אַנ'אַנדער פּלאַץ, פערמאָכעווען מיט פרישען מאָך — אָדער איך וואָלט זי גאָר מיט מאָך נישט טשעפּען — דער מאָך וואַקסט ערגעץ אויף די בלאָטעס, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר — כ'מיין, מיט נייע פאַקעליעס פון פלאַקס פערשלאָגען; דעם דאַך מיט שינדלען דעקען, נייע פענ־סטער אַריינשטעלען?..

מייטע.

און נייע שדים וועלען דאָרט טאַנצען.

אייזיק.

און טאַקי נייע שדים, יונגע שדים וועלען דאָרט טאַנצען.

ער ווינקט מיט א גנב'שען שמייכעל א מאָל צו בענדעטען און א מאָל צו מייטען.

מייטע.

לאַכט.

איך פערשטעה שוין, וואָס איהר מיינט.

בענדעט.

וואָס פערשטעהסטו און וואָס ווייסטו!

אייזיק.

עס געפעלט איהר, דעריבער לאַכט זי.

חיענע.

איך פֿערשטעה נישט, וואָס זי לאַכט.

בענדעט.

צו מייטען.

נו, געַנוג דיר שוין דאָרט צו לאַכען.

ציפּקע.

שיסט אויס מיט אַ געלעכטער אויף מייטען קוקענדיג.

בענדעט.

וואָס לאַכט איהר ?

מייטע.

אַך, וועט עס שוין זיין אַ פּאָר שדים !

אייזיק.

וואָס, עס געפעלט דיר אפשר נישט מיין לייבוש ? נישטאָ מיט וועמען זיך צו שעמען. ער וועט נאָך טרעפען, ווי אַ פערד דעם עק צו פערבינדען.

בענדעט.

וואָס אַנ'אמת איז אַנ'אמת. ער געפעלט מיר. לענגער, ווען מען האָט בעדאַרפט בעקוקען דעם פריץ'ס וואַלד – כ'האָב פון דער ווייטענס אַכטונג געגעבען. אַ כוואַט איז ער, נישטאָ וואָס צו רעדען.

אייזיק.

שווייגט און אַרבייט. ערד – איז ערד ; מסחר – איז מסחר ; אַ פערד – איז אַ פערד ; אַ בהמה – איז אַ בהמה. ער וועט שוין צין קיין זאַך זיינע פינגער נישט פערשטעכען.

חיענע.

וואָס אמת איז אמת.

שאַכנע.

הערסטו, אייזיק, ווען דו וואָלסט מיר אַ פּושקעלע טאַבאַק איינ-געריבען. איך געדענק גאָר נישט אזא בחיר.

**אײזיק.**

דערלאַנגט איהם אַ שמעק טאַבאַק.

איך וועל נאָר אַ ביסעל צייט האָבען, מאַך איך עס פאַר אײך. נו וואָס זאָגט איהר, ר' שאַכנע?

**שאַכנע**

אַ בחיר פון אַ טאַבאַק

אלע לאַכען.

**אײזיק.**

איך פרעג, וואָס מיינט איהר מכח דעם, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געשמועסט?

**שאַכנע.**

וואָס קען איך מיינען? חי-חי — אַ שמחה איז אַ שמחה. וואָס איז צו האַלטען דאָס קעלבעל אין שטאַל?

**חיענע.**

דער אַלטער פערשטעהט זיך אַלץ אויף זיין שטייגער. נאָר דו, בענדעט, האָסט זיך עפּעס צו גרינג געלאָזט איבעררעדען. זי לאַכט. זי מיינט, אַז דאָס איז נאָר הוזק — איך קען דיין טאַטען.

**בענדעט.**

פערשטעהסט, דער טראַקט איז אַ שאָד. זינט ס'האָבען זיך אָנגע-הייבען די ירידים אין אונזער געגענד, האָט דער גאַנצער וועג אָבגעלעבט. און מען בעדאַרף עס פערכאַפּען. איך געדענק נאָך מיט צעהן יאָהר צוריק, מיט דעם אייגענעם וועג, איז רעכט געווען אַ טאָג מיט אַ נאַכט צו פאָהרען און האָט נישט בעגעגענט עפּעך אַ מענשען פון דערווייט; עס זאָל אימיצער מיט אַ גלאָק דורכ-פאָהרען. האָסטו אימיצען בעגעגענט, איז עס געווען אַ פויער פון דעם אייגענעם דערפעל; האָסטו איהם געזאָגט „דושען דאָברי" אָדער ער דיר האָט „דושען דאָברי" געזאָגט, אַ שמעק טאַבאַק געטאָן איינער פון דעם אַנדערענס פושקע און ווייטער געפאָה-רען — וואָס איז דען דאָ צו רעדען? איצטער, פאָהרסטו מיט'ן וועג, בעגעגענסט אונבעקאַנטע מענשען פון דער פרעמד, פון אַנ-

דערע שטעדט. מען קנאַקט מיט דער בייטש. פערד צו דריי געשפּאַנט, די גלאָק קלינגט — און מען טראָגט זיך. אַ רעכטע קרעטשמע וואָלט עס אַלץ צונויפגעקליבען, וואָלט מען געוואוסט, וואוהין אַ איד פאָהרט און נאָכסאָל אַ איד פאָהרט. און דערצו נאָך אַ איד איז מסחר. וואו ער קומט איז מסחר. — מיר געפעלט עס, וואָס האָב איך דאָ צו לייקענען?...

**אייזיק.**

ווי איך בין אַ איד, בענדעט, אַז איך האָב שוין אַ סך מאָל געטראַכט וועגען דעם. מיינסטו, אַז איך האָב דאָס בישט אַרויסגעזעהן?

**חיענע.**

ווערט, מייטעלע, מיין קינד, זעהן, אויב עס קאָכט זיך.

**מייטע.**

געהט אין שטוב אריין טרויעריג.

**חיענע.**

פערשטעהט איהר מיך, ר׳ אייזיק, אָט אזוי ווי איהר זעהט, איז עס בלוט און מילך און עס בעדאַרף נאָר דאָס שטיקעלע מזל. וואָס פערלאַנגען מיר דען פון איהרעט וועגען? אַ בת-יחידה, ס׳וואָלט זיך נישט וועלען פון אויג אָבלאָזען. און אַז ס׳מאַכט זיך אַזוי פון דער נאָהנט, איז עס אַ זאַך. איך ווייס נישט, וואָס ער וועט אויף דעם זאָגען, זיין ברודער פיניע, — און דערצו נאָך איז דאָך עס כמעט שוין ווי אַנ׳אָבגערעדטע זאַך...

**בענדעט.**

שטרענג.

דאָס וועט ניט זיין! אומזיסטע דבורים, חיענע. אָט ווייצט אַפּילו מיין ברודערס אַ טאָכטער און איך זאָג, אַז כ׳בעדאַרף עס נישט.

**חיענע.**

איז נישט. כ׳האָב מעהר נישט ווי געזאָגט.

**בענדעט.**

ער בעדאַרף צו מיר אין שטאָל אַריין נישט קריכען; פערשטעהסט? און ווי דער חשד איז נאָר געפאַלען אויף איהם, האָב

איך געזאָגט — נישט! ער איז מיט מיר מעהר קיין מהותּן נישט — אונ נישטאָ פון וואָס צו רעדען.

**חיענע.**

מען בעדאַרף נאָך ביי איהר אויך פרעגען.

**אייזיק.**

געוויס בעדאַרף מען.

**בענדעט.**

וואָס מען וועט הייסען, וועט זי טאָן. טאַטע-מאַמע וועלען זייער קינד אין קיין גרוב נישט אַריינוואַרפען.

**ציפּקע.**

*זי שפּירט זיך נישט בעקוועם פון דעם שמועס. געהט אין שטוב אַריין.*

**חיענע.**

אַ מענש קען זיך נישט איינהאַלטען; זעהסט, אַז אַ קינד זיצט פאַר די אויגען.

**בענדעט.**

ווייל איך וויל נישט, דו זאָלסט מיט מיר רעדען פון מיין ברודער און זיין בן-יחיד.

**חיענע.**

אָבער וואָס קאָכסטו זיך אַזוי? אַז מען שמועסט פון אַ קינדס גליק, בעדאַרף מען זיך אַ ביסעל רוהיגער האַלטען. און ס'איז נאָך נישט בעוואוסט, ווער ס'האָט ביי דיר די פערד פון שטאַל אַרויסגענומען.

**בענדעט**

נו געגנוג דיר שוין, געגנוג! וואָס, מיינסטו דען, וויל איך? איך וויל, אַז זיי זאָלען דאָ נעבען אונז בלייבען — ס'איז מיר דער וועג אַ שאָד.

**חיענע.**

און איך וויל איהר גאָר נישט פון שטוב אַרויסלאָזען, אַ בת-יחידה. עס פעהלט איהר חלילה צו עסען אין דער היים!

**אייזיק.**

אָבער פון אַ תּכלית בעדאַרף מען דאָך שטענדיג קלערען, און אַז קינדער וואַקסען אויס, בעדאַרף מען זוכען אַ תּכלית.

**חיענע.**

וואָס זשע ווילט איהר, ר׳ אייזיק? רעדט קלאָרע דבורים

**אייזיק.**

איך זאָג, אַז מען בעדאַרף נישט פּאָהרען קיין דאַנציג נאָך סחורה, ווען מען האָט עס ביי זיך אין דער היים. ווען דער עפּעל-בוים וואַקסט הינטער׳ן פענסטער, בעדאַרף מען נישט קריכען אי-בער׳ן פּאַרקאַן. מיין איך, אַז כ׳בעדאַרף נישט זוכען פאַר מיין לייבען פון מרחקים קיין כּלות. און איהר, פאַר אייער מייטען, בעדאַרפט נאָך פון דאַנציג חתנים נישט אויסשרייבען.

**חיענע.**

און הייסט עס —

**אייזיק.**

און הייסט עס, מען וועט פאַר זיי אויסבויען אַ קרעטשמע ביים וועג, וואָס פיהרט צו אייך און צו מיר, און זיי וועלען זיך לעבען אַ לע-בען. איהר וועט פון אייער זייט אַנ׳אויג וואַרפען און איך פון מיין זייט וועל נישט פערלאָזען. איך בעדאַרף פון אייך קיין נדן נישט. אייגענע מענשען. מען פאַרשטעהט זיך שוין אויפ׳ן וואונק. איך האָב שוין גערעדט וועגען דעם מיט בענדעטען, מען זאָל די פוסטע קרעטשמע פון דאָרט אַראָבפיהרען און איבערבויען זי אויף דעם אָרט, וואו מען וועט געפינען פאַר רעכט... ווי הייסט, אַזאַ בנין — נאָך ווי אַ גלאָז. איך האָב אומישנע אויסגעשטשי-פּעט אַ שטיקעל האָלץ פון בעליק, כ׳האָב עס אין וואָגען...

*ער געהט אָב צום וועג.*

**חיענע.**

הערסט, בענדעט, מען בעדאַרף זיך גוט איבערלעגען. מען טוט נישט אַזוי גיך, ווי מען רעדט. און מען ווייסט נאָך נישט, ווער ס׳האָט ביי דיר די פערד פון שטאַל אַרויסגע׳גנב׳עט. קינדער האָ-בען זיך ליב...

בענדעס.

מען איז דאָך נישט מקבל-קנין.

אייזיק.

קומט. ברענגט אַ שטיקעל פּריש אָבגעהאַקט האָלץ.

זעהט איהר, ווי עס גיסט זיך פּעך פון דעם? ווי אויף אַ בוידעם וואָלט זיך עס געטריקענט.

אַלע בעקוקען דאָס שטיקעל האָלץ.

שאַכנע.

שמעקט.

ריינע קין. קען נאָך אַ סך מיט יאָהרען שטעהן. הינטער'ן שטוב קרעהט אַ האָהן אַ האַ, ס'וועט זיין מאָרגען אַ רעגען.

אַלע הערען זיך צו.

אייזיק.

הייסט עס, אַז ס'לויענט נאָך פון אַזאַ בנין עפּעס צו מאַכען.

מייטע און ציפּקע קומען אַרויס.

חיענע.

צו מייטען.

וואָס זאָגסטו, מיין קינד? ביי דיר בעדאַרף מען דאָך אויך עפּעס פרעגען.

מייטע.

איהר ווייסט דאָך אַליין גוט. און לייבוש ווייסט פון דעם, וואָס איהר האָט דאָ אָבגעשמועסט? (איראָניש) אפשר וועט ער מיך גאָר נישט וועלען?

אייזיק.

זעהט נאָר, ווי זי פאַרשטעהט, פון וואָס מען האָט גערעדט. — זאָג נאָר, אַז דו ווילסט; מיט לייבוש'ן וועט מען שוין דורכקומען.

מייטע.

שווייגט.

בענדעס.

זעה נאָר, ווי זי שווייגט. ווי גאָר נישט מכח איהר וואָלט דאָ דער גאַנצער שמועס געווען.

מייטע.

איך בין דאָך אייער בת יחידה; מסתמא פאַרשטעהט איהר דאָך, אַז אַזוי וועט גוט זיין.

זי לאַכט זיך פלוצלינג פונאַנדער.

חיענע.

וואָס לאַכסטו?

בענדעט.

וואָס איז דאָרט פלוצלינג?

מייטע.

איך שטעל מיר פאָר, ווי איך וועל עס האָבען אַנ'אייגענע קרעטש־מע. די שדים וועלען מיר אויפ'ן בוידעם פערטרייבען — חאַ־חאַ־חאַ.

בענדעט.

טפו, צו מיינע שונאים'ס קעפּ זאָל עס אויסגעהן! ווי זי האָט זיך עס צולאַכט.

חיענע.

קומט, לאָמיר געהן אין שטוב אַריין עסען וועטשערע.

בענדעט.

קום, אייזיק, אין שטוב, וועט מען דאָרט עפּעס נעהמען אין מויל אַריין. פאַרשטעהסטו מיך, ס'איז די שפּע אַ שאָד לאַכט שדים... ווען דאָרט, אין קרעטשמע, זאָל'ן טאַקע האָבען התונות די „נישט גוטע", וואָלט דער בנין נאָך איצטער אַזוי שטאַרק נישט געווען, אַז זיי פערקלייבען זיך, איז שוין אַז אָך און וועה צום בנין...

אלע געהען אין שטוב אריין, נאָר פלוצלינג הויבט זיך אָן צו הערען פון ווייטען אויפ'ן וועג אַ גלאָק קלינגען, ווי אימיצער וואָלט מיט'ן וועג אָנגעקומען צופֿאָהרען. אלע בלייבען אַ ווײַלע שטעהן, הערען זיך צו.

מייטע.

דאָס מוזען סוחרים פאָהרען.

**חיענע.**

זיי װעלען זיך דאָ נישט אָבשטעלען. געה זי, בענדעט, אַרויס אַנטקעגען.

**בענדעט.**

דער גלאָק איז מיר גוט בעקאַנט.

**ציפּקע.**

ער איז שוין באַלד דאָ.

**אײַזיק.**

מסתמא פון אַ יריד מיט פערד.

**חיענע.**

געה, בענדעט, אַרויס און זעה, װער עס פאָהרט.

**מייטע.**

געהט אַרויס צום װעג און פערשװינדט. דאָס קלינגען װערט שטיל. מיט אַ מאָל דערהערט זיך די גלאָק װידער און עס זעהט אויס, װי אימיצער װאָלט זיך גאַלאָפּ אורכגעיאָגט הינטער'ן שטוב, אויסמיידענדיג די קרעטשמע. אַלע געהען צום װעג אַרויס.

**חיענע.**

אונרוהיג.

זעהט נאָר, מייטע איז נישטאָ! װי די פערד האָבען זיך עס צו־טראָגען! װאו איז מייטע?

**ציפּקע.**

זי איז אין װאָגען... דאָרט איז דאָך איציק, איך דערקען איציקס בריטשקע. דריי פערד געשפּאַנט!

**בענדעט.**

בייז.

װאָס איז דאָס פאַר אַנ'איינפאַל? װי קומט זי צו איהם אין װאָ־גען אַריין?

**חיענע.**

גאָט מיינער, װאָס איז דאָ אַזוינס?

**ציפּקע.**

אַז איך זאָג אייך, דאָס איז איציק. זעהט, װי פערקירעװען זיך

צוריק. אָט פאָהרען זיי אַהער, זיי וועלען זיך דאָ אָבשטעלען.

בענדעט.

טפו, צו מיינע שונאים׳ס קעפּ זאָל עס אויסגעהן! איך האָב פיינט אַזעלכע מעשיות.

חיענע.

טאַקי איציק.

בענדעט.

זי וועט שוין פון מיר כאַפּען. וואָס פאָהרט ער צו מיר?

חיענע.

הערסט, בענדעט, זאָלסט נישט מאַכען קיין לייטישע געלעכ־טער. ער איז דיין ברודערס אַ זוהן.

בענדעט.

וואָס איז זי צו איהם אין וואָגען אַריינגעקראָכען? איך וועל איהר די קאָלטענעס אויסרייסען.

אייזיק.

מאַך זיך נישט נאַריש, בענדעט! ביזט נאָך אַלץ דער אייגענער געבליבען.

בענדעט.

איך וויל נישט, ער זאָל דאָ פאַרביי מיין שטוב פאָהרען. דו, חיענע, מעגסט איהם זאָגען, אַז ער זאָל דאָ מיט זיינע פערד פאַר מיין שטוב נישט פאָהרען.

חיענע.

וואָס, דער וועג איז פערבאָטען?

עס הערט זיך גאַר נאָהנט צופאָהרענדיג.

בענדעט.

וועסט איהם הייסען פערקירעווען צוריק.

חיענע.

געה אין שטוב אַריין, געה.

בענדעט.

צום שטוב געהענדיג.

ער וועט נאָך די העזה האָבען צו מיר אין שטוב אַריין קומען.

**איי זיק.**

בעהט איהם נאָך.

האָסט זיך נישט וואָס צו היצען, בענדעט, מיט גוטען קומט מען דורך; אַזוי זאָג איך מיר מיינס.

בעהען אריין אין שטוב.

**שאַכנע.**

נעהט אין שטוב אריין.

**חיענע.**

געוויס איציק...

נאָהנט פון שטוב בלייבט דאָס קלינגען שטיל. פערד הירזשען. א הונט בילט. מען לאַכט. מייטע קומט אריין צוהיצט און פרעהליך. נאָך איהר בעהט איציק, פאוילע-ריש בעקליידט. האָט אין זיך עפּיס ציגיינערישעס. אונטערגעגארטעלט מיט א פּיאַלעס-רויטען גארטעל און מיט דער בייטש אין האַנט.

**איציק.**

נו, וואָס מאַכט איהר, מומע? און דו, ציפּקע, וואָס פאָהרסטו נישט אַ היים? איך וועל דיך איצטער מיטנעהמען. כ'האָב גאָר נישט גערעכענט דאָ צו זיין. כ'בין גאָר מיט אַנ'אַנדער וועג געפאָהרען. כ'האָב אפשר א מייל וועג אָנגעלעגט.

**מייטע.**

זיי האָבען קיינער נישט געוואוסט, ווער עס פאָהרט. איך האָב דעם גלאָק גלייך דערקענט. ביי נאַכט פאָהרסטו אויך מיט א גלאָק?

**חיענע.**

צו וואָס בעדאַרפסטו פאָהרען מיט אַ גלאָק?

**איציק.**

מען זאָל מיינען, אַז דאָס פאָהרען גריצים אויף בעיעג.

**מייטע.**

מען וועט דיר נאָך בעפאַלען ביינאַכט און דעם גלאָק אַראָב-בעהמען.

**חיענע.**

וואָס מאַכט דער טאַטע? וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך?

איהר װעט, קינדער, באַלד אַרײנגעהן אין שטוב אַרײן. װעלען מיר אינאײנעם עסען װעטשערע.

די געהט אין שטוב אַרײן.

**איציק.**

דער פעטער איז נישטאָ?

**ציפּקע.**

איך הײס דיר, איציק, באַלד פאָהרען אַהײם און נעהם מיך אויך מיט.

**מײטע.**

זײ זענען אין כּעס?

**ציפּקע.**

זײ זענען אין כּעס, װאָס דו ביזט צום װעג אַרויסבעלאָפען.

**מײטע.**

װאָס איז ער געקומען אַהער, אײַזיק?

געהמט די בײטש פון איציק'ן, קנאַקט מיט איהר.

**איציק.**

איך װעל אין שטוב נישט אַרײנגעהן. דער פעטער װעט אַרויס-קומען, װעל איך איהם זאָגען, אַז בעסער זאָל ער זיך זײן אײ-גענעם קאָפּ פערדרעהען.

**מײטע.**

אײַזיק האָט עס צוגעקלערט דעם בילבול אויף דיר. און דער טאַטע זאָגט, אַז יענע נאַכט האָט ער געהערט צװײ מאָל, װי מען איז מיט אַ גלאָק דורכגעפאָהרען פאַרבײ אונזער שטוב, און ער זאָגט, אַז ס'האָט געקלונגען װי דײן גלאָק. און, אַז מען האָט דערנאָך די פערד אין שטאַל נישט געפונען, האָט ער באַלד גע-זאָגט, אַז דאָס איז דײן אַרבײט געװען.

**איציק.**

שיסט אויס מיט אַ גנעלעכטער.

װער האָט עס דעם טאַטען דײנעם דעם חכם און מײן פעטער אַזאַ מעשה דערצעהלט? ציפּקע, געה אין שטוב אַרײן.

ציפקע.

איך זאָג דיר, בעסער פאָהר אַוועק פון דאַנען און נעהם מיך אויך מיט.

בעקט אין שטוב

מייטע.

אויפרעגיג.

איך וואָלט דיר הייסען, אַז דו זאָלסט באַלד אַוועקפאָהרען. ס'וועט גאָר נישט העלפען. אַז דער טאַטע שפּאַרט זיך איין, וועט ער דאָך מסתמא זיינס אויספיהרען.

איציק.

מיר וועלען שוין זעהן. איך וועל מיר נאָך היינט מיט איהם אויס'טענה'ן. זאָל ער נישט מיינען, אַז איך האָב ביי איהם די פערד פון שטאַל אַרויסגענומען. איך קען איהם ביינאַכט אַנדערע פערד אין שטאַל אַריינפיהרען — און צו דיר האָט עס נישט (נעהמט איהר פעסט פאר'ן האנט). כ'וועל דיך ביינאַכט פון בעט אַרויס־טראָגען. כ'וועל פינף פערד שפּאַנען און פון דיין טאַטענס שטוב וועל איך דיך אַוועקפיהרען. ער איז מיינער אַ פעטער — נאָר קיין עקשן זאָל ער נישט זיין.

מייטע.

איך מיין, אַז מאָרגען, איבערמאָרגען וועט אייזיק צושטעהן, אַז...

איציק.

נישט רעד מיר דערפון! מיר וועלען נאָך זעהן, ווער ס'וועט גיכער דעם וועג געפינען.

מייטע.

זיי זאָגען, אַז מען וועט פאַר מיר מיט לייבוש'ן איבערבויען די פוסטע קרעטשמע. מען וועט פון דאָרט „די נישט גוטע" אַרויס־טרייבען און אונז וועט מען דאָרט בעזעצען. כ'האָב אַליין געהערט, ווי זיי האָבען גערעדט.

איציק.

און דו, וואָס האָסטו אויף דעם געזאָגט?

מייטע.

איך האָב געלאַכט.

איציק.

האָסט געלאַכט...

מייטע.

זיי ווילען מיך אין אַ קרעטשמע אַריינזעצען, איך זאָל דעם גאַנ־צען טאָג זיצען אין פענסטער און אַרויסקוקען צום וועג אַרויס, אויב אימיצער פאָהרט דורך.

איציק.

געה אין שטוב אַריין

מייטע.

און דו?

איציק.

כ'וועל צו אייך אין שטוב נישט געהן, כ'וועל דאָ וואַרטען, ביז דער פעטער וועט אַרויסקומען. כ'וויל מיר מיט איהם אויס־טענה'ן.

מייטע.

וועגען מיר?

איציק.

וועגען די פערד. איך וועל איהם זאָגען, אַז אויב ער וויל, קען איך איהם אַנדערע פערד אין שטאַל אַריינשטעלען.

מייטע.

און יענע האָסטו טאַקי אַרויסגענומען?

איציק.

נישט פרעג דערפון!

מייטע.

נאָך וואָס ביזטו איצטער אַהער געקומען? איך האָב מורא האָסט נישט בעדאַרפט קומען אַהער היינט, פונקט אין דער צייט... צו וואָס בין איך דיר אַנטקעגען אַרויסגעלאָפען? איך האָב נישט בעדאַרפט צו דיר אין וואָגען אַריינשפּרינגען.

א י צ י ק.

ווען דו קומסט נישט ארויס, וואָלט איך פאַרביי געפאָהרען און דאָ זיך אפילו נישט אָבגעשטעלט.

מ יי ט ע.

איך שרעק זיך אזוי, איציק; איך שרעק זיך אזוי...

א י צ י ק.

איך פאָהר נאָך היינט נישט פון דאַנען. איך וועל זיך נאָך מיט אייזיק'ן אויך זעהן; און זיין זוהנעלע דער הכם – איך וועל איהם בעווייזען, ווער איציק איז...

מ יי ט ע.

איך בעט דיך, פאָהר אַוועק. ווי גאָט איז דיר ליב, פאָהר אַוועק. איך וועל דאָך פאָלגען, וואָס דער טאַטע און די מאַמע וועלען מיר הייסען; ווען איך זאָל אפילו דעם גאַנצען לעבען בעדאַר-פען ווייבען.

א י צ י ק.

ועסט נישט ויינען. כ'וועל באַלד אויסשפאַנען פון מיין בריטשקע די פאָר שוואַרצע פערד און וועל זיי איהם אָבגעבען.

מ יי ט ע.

ענטציקט.

איציק, טו עס טאַקע.

א י צ י ק.

זאָל ער וואַרטען! נישט איך האָב זיי ביי איהם פון שטאַל אַרויסגענומען און דו מיש זיך נישט אין אַזעלכע זאַכען. – געה אין שטוב אַריין.

מ יי ט ע.

איציק...

א י צ י ק.

ער צרעמט זי אום, קושט זי.

אָ, ווען דו ביזט נישט מיין פעטערס טאָכטער, איך וואָלט דיך דער'הרג'עט. כ'וואָלט דיך דערשטיקט און ערגעץ ביינאַכט אונטער א בריק אַרונטערגעוואָרפען. טייוועל דו, פון בלאָטע ביזטו אויס-

געװאקסען. און דו װעסט פּאָלגען, װאָס דער טאַטע דײַנער װעט דיר זאָגען און װאָס... אָ, איך װעל דיך דערשטיקען...

מײטע.

פאָהר אװעק פון דאַנען.

עס הערט זיך װײַנענדיגע שטימע פון שטוב רופט: „מײטע! מײטע! גײ אין שטוב אַרײַן“.

איציק.

גײ אין שטוב אַרײַן, די מאַמע רופט.

מײטע.

װיל גײן אין שטוב.

איציק.

װאַרט נאָר, נישט לױף, זאָג דאָרט דעם טאַטען דײַנעם, אַז איך בין נאָך נישט אַװעקגעפאָהרען... אויף שטיקער װאָלט איך דיך צוריסען. דײַנע װילדע צעפּ װאָלט איך דיר אויסגעריסען. ער האַלט איהר האַנט און קוקט מיט חשד אין איהרע אויגען דו װילסט גײן אין שטוב אַרײַן — גײ...

ער װאַרפט איהר האַנט.

מײטע.

גלעט זײַן קאָפּ.

איציק, איך װעל ערגעץ אַלײן אַ פאָאר פערד אַרויס'גנב'ענען און זײ איהם אין שטאַל אַרײַנשטעלען...

איציק.

גענוג דיר רעדען דערפון!

עס װערט טונקעלער דרויסען. די פויגעל זינגען.

מײטע.

לאַכט מיט אַן'אײַנגעהאַלטענעם געלעכטער.

אַז איך װעל זיך בעזעצען אין יענער קרעטשמע, — אָ, װי איך װיל, אַז ס'זאָל זיך אַזוי אויסלאָזען! איך װעל מיר אַלײן מיט די „נישט גוטע“ שפּילען. איך װעל זײ אַלײן בײ די צעפּ אומפיהרען... לײבוש, קוק!... װײסט, איציק, אַז לײבוש איז זעהר אַ װאוילער בחור? ער איז זעהר אַ גוטער. אָ, װאָס פאַר אַ גוטער ער איז! אַז ער קומט אַמאָל צו אונז, אָדער אַז איך קום אַמאָל צו זײ, קוקט ער אויף מיר מיט אַזעלכע גוטע אויגען.

**א י צ י ק.**

ער וויל איהר דערלאַנגען מיט דער בייטש, זי מערקט עס נישט. ער האַלט זיך אָב דערפון.

**מ יי ט ע.**

וועבדט זיך פלוצלינג צו איהם, דאָס געזיכט פערשטעלט מיט די הענט, רעדט צו איהם געהיימניספול און מיט פערבאָרגענער ליידענשאַפט.

דערלאַנג מיר אַ כוואָשטש מיט דער בייטש אַזוי, איבער דער פלייצע, איבער די זייטען; אַזוי צוכוואָשטשע מיר די ביינער — דערפאַר וואָס איך בין אַזעלכע. ברול... איך וואָלט מיר אַליין די צעפּ מיינע אויסגעריסען נעהמט זיך פאַר ביידע צעפּ. אָט די דאָזיגע צעפּ וואָלט איך מיר אַליין אויסגעריסען. אַז דער טאַטע רעדט, בין איך שטיל ווי אַ טייבעלע. בין איך ווי אַ הינדעלע שטיל און אַלץ וואָס ער הייסט פאָלג איך איהם. ווייסט, איציק, אַז דו ביזט געראָטען אין מיין טאַטען און דו האָסט איהם אַזוי פיינט. בעט זיך איבער מיט איהם. אַז דער טאַטע רעדט, בין איך שטיל ווי אַ טייבעלע... בעט זיך איבער מיט איהם. אָט געהען זיי שוין... בעט זיך איבער מיט איהם.

בעהמט פון איהם די בייטש; קנאַקט.

בענדעט און איציק קומען צרויס.

**ב ע נ ד ע ט.**

בלייבט עס אַזוי, מאָרגען וועט מען דינגען גוים, אַז מען זאָל די פוסטע קרעטשמע צונעהמען; זאָל זיך אַביסעל דאָס האָלץ דורכלופטערן און באַלד נאָך דער חתונה וועט מען זי איבערבויען.

ער מערקט איציק'ן, נאָר ער מיידט איהם אויס.

**א י צ י ק.**

כ'האָב אייך, פעטער, אָבגעבראַכט די פערד.

**ב ע נ ד ע ט.**

מאָרגען, מייטעלע, מיין קינד, וועסטו אַ כלה, הערסט?

**מ יי ט ע.**

שווייגט.

**ב ע נ ד ע ט.**

קום צו מיר, מיין קינד.

חיענע.

קומט ארויס.

בענדעט.

אָט איז די מאַמע, געה צו און זאָג, אַז דו ועסט פאָלגען אַלץ וואָס דער טאַטע און די מאַמע פערלאַנגען.

חיענע.

צו איציק'ן.

וואָס שטעהסטו דרויסען? קום אַריין אין שטוב, וועסטו עפּעס עסען.

איציק.

איך בין זאַט... ר' אַייזיק, וואָס מאַכט אייער זוהן? ער ווערט באַלד אַ חתן, האָב איך געהערט?...

אייזיק.

שוין צייט.

איציק.

צו בענדעט'ן.

איך האָב איין, פעטער, אָבגעבראַכט צוריק אַייערע פערד.

בענדעט.

אומזיסט דרעהסטו זיך דאָ אַרום.

איציק.

איהר זענט, פעטער, אומזיסט אויף מיר ברוגז.

בענדעט.

געה אין שטוב אַריין, דער זיידע וויל דיך זעהן.

איציק.

איך האָב געהערט, ר' אַייזיק, אַז איהר ווילט פון דער פוסטער קרעטשמע די שדים אַרויסטרייבען און דאָרט בעזעצען....

חיענע.

איציק, מען טאָר עס נישט פון מויל אַרויסברענגען.

איציק.

געהט צו בענדעט'ן.

פעטער, איך ווייס נישט וואָס צו זאָגען פון אַייערע פערד.

**בענדעט.**

שארף.

און איך וועל דיר מיין טאָכטער נישט געבען!

**חיענע.**

בענדעט...

**בענדעט.**

מייטע וועט מאָרגען־איבערמאָרגען ווערען אַ כלה פאַר אייזיק׳ס זוהן און פון דער פוסטער קרעטשמע וועט מען די שדים אַרויס־טרייבען — ס׳איז קיינעמ׳ס דאגה נישט!

**איציק.**

לאכט.

**בענדעט.**

מיט אַ הויכען טאָן.

און אַז איך פרעג מיט גוטען, אַז מען זאָל מיר זאָגען, ווער ס׳האָט פון שטאַל די פערד אַרויסגעפיהרט — זאָגט ער מיר, אַז ער וועט אַנדערע פערד אָבגעבען. (ער לאָזט זיך צו איציק׳ן) זאָלסט מיר זאָגען, וואו די פערד מיינע זענען? ! מיינע פערד וואו זענען? !

**חיענע.**

בענדעט, גאָט איז מיט דיר.

**בענדעט.**

פון מיין אייגענעם ברודער וויל איך נישט וויסען, אויב ער האָט אַזאַ ממזר אויסגעהאָדעוועט.

**מייטע.**

טאַטע, טאַטע...

**אייזיק.**

לאָז איהם צורוה, דעם אויסוואורף.

**איציק.**

איהר וועט לאָזען גערייסען אייער לייבוש׳ן, איהר הערט, אייזיק?

**חיענע.**

בעהמס איציק׳ן פאר׳ן האנט.

קום איך שטוב אַריין. קום, כ׳וועל דיר געבען צו עסען.

א י צ י ק.

לאָזט צורוה, מומע, איך קריג מיר נישט. איך קען דעם פעטער בעני־דעט זעהר גוט... זאָל ער זיך נישט קאָכען. ווען איך זאָג איהם, אַז כ׳ווייס פון די פערד נישט צו זאָגען, פערשטעלט ער מיר דעם וועג. איך וועל נאָך צו קיין פעטער אין שטאַל נישט קרי־כען... בעדאַרף איך נאָך דערצו גרויסע מעשיות דערצעהלען.

ב ע נ ד ע ט.

מען ווייסט, מען ווייסט.

א יי ז י ק.

איך פאָהר אַ היים.

א י צ י ק.

איהר וועט, אייזיק, די שדים פון קרעטשמע נישט אַרויסטרייבען.

א יי ז י ק.

דעם צונג בייס זיך אָב.

א י צ י ק.

ג האָ: מיר שוין איין מאָל דעם צונג איינגעביסען.

ב ע נ ד ע ט.

מען ווייסט, מען ווייסט. קענסט אויך אַהיים פאָהרען.

א י צ י ק.

איך וועל פאָהרען, אויב כ׳וועל וועלען.

קנאקט מיט דער בייטש.

ב ע נ ד ע ט.

פאָהר, אייזיק, אַליין, וועסט מיר מאָרגען דעם פערד אָבברענגען.

א יי ז י ק.

א גוטע נאַכט.

אָב.

ח י ע נ ע.

לאָזט געריסען אין דערהיים.

א י צ י ק.

מיט א קנאק מיט דער בייטש. א וואָרף טוענדיג א „גוטע נאכט“ געהט ער אָב צום וועג. ב ע נ ד ע ט און ח י ע נ ע געהען אויך צום וועג צוריק.

מ ײ ט ע,

בלײבט אלײן. לויפט אום ווי א צורײצטע חיה איך א שטײג. לויפט אין הינטערגרונד, שטעלט זיך אויפ'ן פלײט און ווינקט מיט'ן האנט, ווי זי וואלט אימיצען רופען פון ווייטען. פערד הירזשען, די גלאָק קלינגט, ווי מען וואלט אװעקגעפאָהרען. זי שפרינגט פון פלײט אראָב. בענדעט און חיענע געהען צוריק.

ב ע נ ד ע ט.

מייטעלע, מיין קינד, קום צו מיר.

מ ײ ט ע.

געהט צו איהם, רעדט שטיל.

וואָס, טאַטע!

ב ע נ ד ע ט.

ווייסט, אז מאָרגען ווערסטו אַ כלה?

מ ײ ט ע.

איך ווייס.

ב ע נ ד ע ט.

געפעלט דיר אַייזיק'ס זוהן?

מ ײ ט ע.

געהאָרכזאם.

יע, ער געפעלט מיר.

ב ע נ ד ע ט.

און דו וועסט איהם ליב האָבען נאָך דער חתונה?

מ ײ ט ע.

איך וועל איהם ליב האָבען.

ח י ע נ ע.

און וועסט אָן טאַטע-מאַמע נישט פערגעסען?

מ ײ ט ע.

שווייגט.

ב ע נ ד ע ט.

נו, איצטער קום אין שטוב אַריין. געגוג דיר אויף דרויסען צו זיין...

זיי געהען אלע שטיל אין שטוב אריין. ס'איז שוין פינסטערליך. אויפ'ן דאך קרעהט א האהן. אין שטאל מע'קעט דאס קעלבעל.

מייטע.
קומט ארויס שטיל פון שטוב, זי איילט צום פלייט אין הינטערגרונד. זי קריכט אויף איהם און חינקט אין דער שטיל צו אימיצען.

איציק.
בעווייזט זיך פון דער אנדערער זייט פלייט, קלעטערט ארויף צו מייטען.

---

ענדע ערשטער אקט.

## צווייטער אקט.

א זומער-אָווענד. ביי בענדעט'ן. א גרויסע שטוב חייס אויסגעקאַלכט. בעלויכטען מיט ליכט, וואָס ברענען אין לייכטער און אין א גרויסען שבת'דיגען הענגלייכטער ריין אויסגעשייערט. די מעש בלאַנקט. אלץ ארום איז זויבער, שמינקעלט. די טיר אין הינטערגרונד און די פענסטער זענען אָפען. די אונטערשטע העלפט פענסטער איז מיט חייסע פאַרהאַנגלעך פערצויגען. די פאָדלאָגע איז אויסגעשאָטען מיט גרינעם פלישניק. צוויי גרויסע טישען איינפאַכע, בעדעקט מיט גראָבע, אָבער ריינע טישטוכער, שטעהען רעכטס און לינקס. די טישען בעגרייט מיט פלעשער, טעלער, נאָך ניט אין פולער אָרדנונג.

**שאַכנע.**

זיצט ביים טיר, אין א ווינקעל, און רייבט כריין.

**חיענע.**

קומט אריין פון גאַס-טיר, וואָס אין הינטערגרונד, פערהאָקעהעט. די ארבעל פערקאַשערט צום אלטען.

איהר, שוועער, וואָלט זיך ערגעץ אויף דער גאַס געזעצט דעם כריין רייבען.

**שאַכנע.**

אָבער שטאַרק איז ער — ברענט ממש די אויגען אויס. (וויל ארויסגעהן).

**חיענע.**

זאָל שוין זיין, זאָל שוין; וואו ט'איהר שוין איצטער געהן?

**שאַכנע.**

ווייסטו, וואו כ'האָב איהם אויסגעפונען?

**חיענע.**

ברענגענדיג אין אָרדנונג די שטוב.

וועמען?

**שאַכנע.**

דעם כריין. אַזש אויף די פאַראַיאָהריגע קאַרטאָפעל-פעלדער.

**איענע,**

און דאָ נעהנטער האָט איהר גאָר נישט געקאָנט קריגען די טייערע מציאה?

**שאכנע.**

נישטאָ. אָבער אויף אַ רפואה נישטאָ. אָבער מייסטו נישטאָ — דיער וואָלט דאָ גאָרנישט געבאָרען געוואָרען.

**היענע.**

שווער!

**שאכנע.**

וואָס, מיין קינד, ביזט פערהאָרעוועט?

**איענע.**

רעדט־איבער מיט אייער זוהן, ער זאָל נאָך איצטער שיקען אַ פּאָר פערד נאָך פיניען.

**שאכנע.**

אַזאַ עקשן, אַזאַ עקשן.

**איענע,**

מען בעדאַרף דאָך וויסען, ווען צו פּראַווען עקשנות. ער מיינט דאָס האָט ער צו טאָן מיט אַ גוי מכה אַ פערד. מען קאָן נאָך חלילה — כ׳וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסרעדען. און דערצו נאָך, וואָס איז איהם איינגעפאַלען היינט און דוקה היינט איינצווואַרפען די פוסטע קרעטשמע? איך וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסרעדען. און די גאַנצע זאַך — עפּעס ווערט מיר דאָס האַרץ צוריסען. מען וואוינט. פערוואָרפען — אַזוי מאַכט מען עס אַ אייןאון־איינציג קינד חתונה.

**שאכנע.**

אַנ׳עולה בנאמנות

**היענע.**

אויס טרערען.

מען מאַכט חתונה אַנ׳איין־און־איינציג קינד, פיהרט מען ברוגדן כ׳וואָלט זאָגען: מיינער אַ ברודער — אַלץ מוחל, — ס׳איז דאָך אָבער זיינער אַנ׳אייגענער ברודער, אייערער אַ זוהן, און איהר שווייגט...

שאַכנע.

איך האָב איהם געזאָגט, אַז ס'איז אַ גרויסע עולה, אויב פיניע וועט אויף דער חתונה נישט זיין. וואָלט ער געהען אַ מענש, דער פיניע, שפּאַנט מען איין אַ פּאָר פערד, מען פערנעהמט ווייב און קינד און מען קומט צופאָהרען.

חיענע.

אומגעבעטענערהייד?

שאַכנע.

און אַ טאַטען בעדאַרף מען אויך קיין עגמת-נפש נישט פערשאַפען. אַז איך האָב צוויי זיהן און איינער מאַכט חתונה אַ קינד, בעדאַרף דער אַנדערער צו דער חופה נישט פעהלען.

חיענע.

וואָלט איהם עפּעס דער אויבערשטער אַריינגעשיקט אַ געדאַנק, אַז ער זאָל אַליין נעהמען און קומען... דאָס קינד האָט שוין היינט, נעבעך, געוויינט אויך. „ביי מיר איז היינט חופה, זאָגט זי, און דער פעטער פיניע איז נישטאָ". איך בעט אייך, שווער, בעפוילט איהם, ווי אַ טאַטע בעפוילט אַנ'אייגען קינד, ער זאָל הייסען שפּאַנען פערד און אַריבערשיקען צו פיניען.

שאַכנע.

איך וועל עס איהם זאָגען.

בענדעט.

קומט אריין.

גאָר דאָ ביזטו און איך האָב דיך אומעטום געזוכט.

חיענע.

האָסט מיך בעדאַרפט?

בענדעט.

כ'האָב מורא, אַז דאָרט אין דער אַנדערער שטוב וועט פאַר די קנאַפּ אָרט זיין.

חיענע.

קיין בייז נישט. ס'איז אַ שענע נאַכט, ווער ס'וועט וועלען, וועט מען איהם מאַכען אַנ'אָרט צום שלאָפען אין דרויסען, אָדער איפןביידעם אין די היי.

בענדעט.

ס׳איז אויך אַנ׳אמת.

חיענע.

דאָס קינד האָט גערעדט מיט דיר?

בענדעט.

וואָס האָט זי דען געהאַט צו רעדען מיט מיר?

חיענע.

קוקט איהם אָן פערזאָרגט.

בענדעט.

וואָס האָט זי געהאַט צו רעדען מיט מיר? ביזט אַ אידענע. וואָס שטעהסטו מיט פערקאַשערטע אַרבעל און קוקסט מיך אָן? וואַש זיך אַרום, טו זיך איבער, וואָרום אָט אַזוי, ווי דו זעהסט, איז דער גאַנצער עולם דאָ.

חיענע.

עפּעס איז נישט ווי ביי לייטען; עפּעס פעהלט.

בענדעט.

וואָס איז דיר נישט ווי ביי לייטען? נו וועלען דאָך שוין קלעזמער אויך זיין. כאָטש גוים, אַבי קלעזמער.

חיענע.

כ׳וואָלט דיר די קלעזמער מוחל געווען.

בענדעט.

טאָ וואָס דען ווילסטו?!

חיענע.

אַז דו ביזט שוין אין כעס.

בענדעט.

וואָס ווילסטו, טאַטע, האָבען מיט׳ן כריין?

שאַכנע.

קלאַפּט אויס דעם ריבאייזען.

— נו, שוין, שוין, מעהר וועל איך שוין נישט רייבען. — איצטער, זוהן מיינער, וויל איך, דו זאָלסט הייסען שפּאַנען אַ פּאָר פערד און שיקען נאָך פיניען מיט ווייב און קינד.

בענדעט.

אין א פערלעגענהייט.

חיענע.

האָסט שוין אַליין חרטה פאַר דיין עקשנות. רעכט אויף דיר. וועסט זיך נאָך אמאָל אויסצאָהלען פאַר דיינע געגנעלעך.

בענדעט.

ס'איז נישט דיין דאגה!

חיענע.

אַ ודאי איז נישט מיין דאגה, און ס'איז נישט דיין טאַטענס דאגה, און נישט דיין קינד'ס דאגה. — און אַז דאָס קינד האָט היינט געוויינט, איז אויך נישט דיין דאגה.

בענדעט.

וואָס זענט איהר צו מיר צוגעשטאַנען?

חיענע.

קיינער איז צו דיר נישט צוגעשטאַנען. טו דיר ווי דו פערשטעהסט. ביי מיין קינד איז חתונה, וועלען פרעמדע לייט יע זיין און אייגענע וועלען פעהלען.

שאַכנע.

ביי לייטישע מענשען טוט מען נישט אַזוי.

בענדעט.

לאכט.

און אַז איך האָב שוין געשיקט נאָך מיין ברודער — איז שוין גוט?

חיענע.

זאָג מיר, אויף אַנ'אמת.

שאַכנע.

אַז ער זאָגט, מעגסטו איהם גלויבען.

בענדעט.

כ'האָב געוואוסט, איהר וועט מיר מיין קאָפּ בעקלאָגען מיין גאַנ-צען לעבען — פיניע מיט זיין כאַליאַסטרע איז ביי מיין קינד אויף דער חתונה נישט געווען. האָב איך גענומען און געשיקט.

ח י ע נ ע.

ווען, נאָך אין דער פריה?

ב ע נ ד ע ט.

באַגינען. כ׳האָב געלאָזט וויסען, אַז דער טאַטע מיט זיין שוועגערין און די כלה בעטען איהם, קומען אויף דער חתונה.

ח י ע נ ע.

און פון דיין נאָמען האָסטו איהם נישט געבעטען?

ב ע נ ד ע ט.

ער איז דאָך מיינער אַ ברודער.

ח י ע נ ע.

אַז אָך און וועה צו אַזאַ ברודער.

וויינט.

ב ע נ ד ע ט.

לאכט.

קוקט נאָר אויף איהר. כ׳האָב איהם אין מיין נאָמען אויך געלאָזט וויסען – ביזטו שוין רוהיג? נאָך מיין רעכענונג בעדאַרפען זיי באַלד אָנקומען.

ח י ע נ ע.

שרייט.

מייטע, מייטע! דער טאַטע האָט דאָך געשיקט בעטען דעם פעטער אויף דער חתונה.

מ יי ט ע.

קומט ארויס פון צימער פרעהליך, ווארפט זיך בענדעט׳ן אויפ׳ן האלז.

ב ע נ ד ע ט.

זעה נאָר, ווי דאָס פיצעלע קינד האָט זיך עס דערפרעהט.

מ יי ט ע.

און דערפאַר האָב איך דיך אַזוי ליב!

ח י ע נ ע.

האָסט זיך שוין, מיין קינד, בעדאַרפט אָנטאָן.

מ יי ט ע.

קושט בענדעט׳ן.

און איצטער וועל איך מיר אָנטאָן.

פּילט אין צווייטען צימער.

חיענע.

איך וויל נישט, דאָס קינד זאָל עס הערען. מיר דאַכט זיך, אַז היינט האָט מען נישט בעדאַרפט רירען די פוסטע קרעטשמע – היינט אין דעם טאָג פון דער חתונה – כ'וויל עס פון מיין מויל נישט אַרויסלאָזען.

בענדעט.

שטרענג.

זאָלסט מיר איצטער נישט רעדען וועגען דעם – הערסט וואָס מען זאָגט דיר? די חופּה וועט מען שטעלען פאַר'ן שטוב...

עס הערט זיך קלינגען אַ גלאָק.

שאַכנע.

מען פאָהרט!

חיענע.

דאָס פאָהרען חתונה־לייט. געה, בענדעט, וויז זיי אין דער אַנדערער שטוב אַריין.

מייטע.

שרייט פון איהר צימער ארויס.

מען פאָהרט, מען פאָהרט, אין אַ דראָבּיאַסטען וואָגען זענען זיי געקומען.

בענדעט.

געהט ארויס.

חיענע.

געהט איהר, שוועך, אויך אַרויס אין בעהייזט דאָרט.

שאַכנע.

איך געה, אָט שוין.

אָב.

חיענע.

רופט.

קום צו מיר, מיין קינד, איך וועל דיר העלפען פערשפּיליען די העקלעך.

מייטע.

קומט ארויס אין אַ נייע העל־בלויליכע קליי..
פון קלייד שמעקט מיט נייקייט.

**חיענע.**

שפּילעט די העקלעך, קושט מייטען.

נאָר גליקליך זאָלסטו מיר זיין. נאָר נחת זאָלען מיר פון דיר האָבען. ווי שען דאָס זעהט אויס.

**מייטע.**

אין שטאָדט צו אַחופּה. מאַמע, ווי איז עס?

**חיענע.**

ווער ווייסט זיי דאָרטען מיט זייער שטאָדט.

**מייטע.**

וואָלטען גוטע קלעזמער שפּילען.

**חיענע.**

עס וועט דיר שוין, אם ירצה השם, אַזוי אויך דאָס לעבען זיס זיין... אָט וועל איך דיר, מיין קינד, דעם קאָפּ פּאַרקעמען. קאַמט איהר דעם קאָפּ, עס הערט זיך ווידער אַ געוויש פון צופאָהרען פאַר'ן שטוב.

**מייטע.**

לויפט צום פענסטער.

מאַמע, מאַמע, אַנ'אָנגעפאָהרענע פוהר מיט מחותנים!

**חיענע.**

קוקט אין פענסטער.

דאָס איז דאָך פון ליענטשיץ. מיין קינד. דער טאַטע פיהרט זיי אין דער אַנדערער שטוב אַריין.

**מייטע.**

אימיצער געהט אַהער —

**אפרוי.**

קומט אַריין, טראָגט אַ גרויסע קופערנע פאַן פיש.

ווי עס שמעקט! אַזוי זאָל נאָר, אם ירצה השם, איהר מזל שמעקען. וואו שטעלט מען עס?

**חיענע.**

אין קאַמער, חנה'שי.

פרוי.

קומענדיג פון צווייטען צימער.

קיין עין הרע, ס'וועט שוין זיין, ווער ס'זאָל די פיש עסען. איילט זיך צו אַביסעל, חיענע'שי.

אב.

מייטע.

הערסט, נאָך אַ פוהר איז אָנגעקומען... דו, מאַמע, ביזט גאָר ניט פרעהליך.

חיענע.

פאַר דער חתונה, מיין קינד, איז מען ביי טאַטע-מאַמע, לעבט מען אינ'ם מזל פון טאַטע-מאַמע; נאָך דער חתונה אָבער דער-לאַנגט מען דיר צוויי זעקעלאַך, אין איינעם איז מזל און אינ'ם אַנדערען איז צרות מיט וועהטאָג, און גאָט וייס... (קושט נאָך אַ מאָל איהר קינד דויערענד, אָהן ווערטער; זיי ווערעןביידע ווי צוגעקלעפט איינ'ר צום אנדערען... ס'הערט זיך בענדעס'ס שטימע פון דרויסען צום טיר שרייענ־דיג: „מענשען געהען שוין!" ס'הערט זיך אַ מיידילשעס קלינגענדיג געלעכטער דרויסען. חיענע און מייטע וואַכען אויף. טרעטען אָב איינע פון דער אנדערער און וואַרטען צום טיר קוקענדיג. עס קומען אריין געסט: דאָרפישע יודישע פרויען און מיידלעך, געקליידעט לויט דעם דאָרפישען יודישען געשמאַק. די מיידלעך, די פרויען קושען זיך מיט מייטען, מען בענשט זיך: „מזל טוב", „מזל טוב").

ערשטע פרוי.

אַ כלה ווי אַ מלכה.

צווייטע.

ווי די ליכטיגע זון.

דריטע.

אַמאָל פון איין קינד האָט מען מעהר נחת ווי פון צעהן.

ערשטע פריילין.

דו, מייטע, שעמסט זיך גאָר גישט פאַר מיר?

מ י ט ע.

איך שעם זיך טאַקי.

א נעלעכטער.

ע ר ש ט ע פ ר וי.

אַזאַ חתן—אַ ברילִיאַנט. זיי װעלען, אם ירצה השם, האָבען אַ גליקליך לעבען.

ה י ע נ ע.

װאָס בעדאַרף דען אַ מאַמע מעהר! איך געדענק, װען איך בין נאָך אַ קליין מיידעלע געװען. פונקט װי זי האָב איך אויסגעזעהן.

צװײטע פ ר ײ ל י ן.

די יאָהרעלאַך לויפען.

ד ר י ט ע פ ר ו י.

און מיין פעריל זאָגט, אַז זי האָט נאָך צייט. „װאָס — זאָגט זי — האָב איך קיין צייט נישט? זאָלען זיך — זאָגט זי — נאָך אַביסעל די באַקען רויטלען".

ע ר ש ט ע פ ר ו י.

פאַר װאָס, מייטעלע, האָסטו דעם שלייער נישט אָנגעטאָן? אין שטאָדט איז מען באַלד פון אָנהייב אָבענד אין חופה-שלייער.

צ װ י י ט ע.

קוקט איהר נאָר אָן — אַ קאָפּ פון אַ בת-מלכה.

ח י ע נ ע.

ברענגט ארויס פון צנדערען צימער אַ שלייער און מען דעקט מייטען צו דעם קאָפּ.

ע ר ש ט ע פ ר י י ל י ן.

מייטעלע שוין מיט אַ פערשלייערטען קאָפּ. װאָס ביזטו אומעטיג, מייטעלע?

עס קומען אריין נאָך מיידלאך, מיט בוקעטען פעלד-בלומען.

ה י ע נ ע.

זעהט נאָר, זעהט נאָר, װאָס גוטע פריינד קענען.

מיידלעך קושען זיך מיט דער כלה.

ערשטע מיידעל.

אַלערליי בלומען האָבען מיר פאַר דיר אויסגעזוכט.

צווייטע.

איבער וואַלד און פעלד, מיילען זענען מיר אויסגעגאַנגען, און די שענסטע בלומען אויסגעזוכט.

ערשטע פרוי.

ווי שען דאָס איז! נאָר דאָס מזל זאָל פאַר איהר לייכטען.

ערשטע מיידעל.

מייטעלע איז בלייך פון פאַסטען — אמת, מייטעלע?

מייטע.

ענטפערט נישט.

צווייטע פרוי.

וואָס וועט איהר דען פעהלען ביי איהם? דאָס טעלערעל פון הימעל וועט ער דען פאַר איהר נישט אַראָבנעמען?

דריטע פרוי.

ער איז דאָך פון קאָפּ ביז די פיס אין דער מאַמען זיינער געראָטען.— די מאַמע זיינע—זאָל זי האָבען אַ ליכטיגען גן-עדן—איהר פנים, איהרע אויגען און אַפילו דער לשון זיינער—צוויי טראָפּענס וואַסער

עס קומען אַריין צוויי דאָרפישע פויערים, קלעזמער. איינער מיט אַ פידעל און אַ רויט טיכעל איינגעוויקעלט און דער אנדערער מיט אַ פייקעל.

אָט זענען שוין די קלעזמער! (עס מערט אבעוועגונג אין שלם).

ערשטער קלעזמער.

דאָברי וועטשור!

צווייטער קלעזמער.

דאַוואַיי בי וועסעליטעסאַ.

חיענע.

באַלד וועל איך זיי געבין צו גלעזלאַך בראַנפען. (זי איילט אין אַנדערען צימער — ברענגט אַרויס צוויי גלעזלעך בראַנפען און שטיקער ווייסע חלה. די קלעזמער טרינקען דעם בראַנפען, ווישען אָב די מיילער, פערבייסען

מיט חלה און באלד נעהמען זיי זיך צום שפּילען. זיי שפּילען מיט גרויס חשק און מיט פרישקייט א דאָרפישען טאַנץ. די מיידלעך מאַכען א חאָרע, צושטעלען זיך אַן א זייט, די כלה זעצט מען אויבען אַן אויף א שטול, אונטער איהר א קישען, ביי די זייטען, נעבען די כלה שטעלען זיך איהרע פריינדינס מיט בוקעטען בלומען אין די הענט און באלד הייבט דאָס טאַנצען אָן: פּיער וייבער, פּאָר-ווייז — איין פּאָר אַנטקעגען דער אַנדערער—לאָזען זיך אַרויס אין אַהאָפּקע; באלד נאָך זיי לאָזען זיך צוויי מיידלעך אַרויס אין דעם אייגענעם טאַנץ. דער עולם קוקט ערגעץ צו, די פּאָרען בייטען זיך און בייטען זיך.

### א מיידעל.

מיט דער כלה וועל איך טאַנצען!

### שטימען.

מיט דער כלה, מיט דער כלה!

### מייטע.

שהייבענדיג הויבט זי זיך אויף פון איהר אָרט און טאַנצט מיט יעדען בעזונדער.

### איציק

בעוויזט זיך אונגעריכט אויפ'ן שוועל. נעבען איהם נאָך א פּאָר יונגען. ער איז יום-טוב'דיג געקליידט.

### מייטע.

בעמערקט איהם. רייסט איבער דאָס טאַנצען. זי וואַרפט זיך איהם אַנטקעגען. ס'איז צו מערקען איין אונצופרידענהייט צווישען איהרע פריינדינס, וועלכע סוד'ען זיך קוקענדיג אויף איציק'ען. דאָס שפּילען הערט אויף.

### חיענע.

צו איציק'ן.

דער טאַטע איז אויך געקומען.

### איציק.

דער טאַטע איז נישטאָ. ציפּקע איז געקומען.

### מייטע.

דער פעטער האָט נישט געוואָלט קומען — און דו, פאַרוואָס האָסטו איהם נישט גענומען?

ערשטע פרוי.

אַנ׳אייגענעם ברודער טוט מען נישט אַזוי — שעמען בעדאַרף ער זיך.

צווייטע פרוי.

אַ חתונה איז געגליכענט צו ערב יום כפור—מען מוז זיך איבערבעטען.

חיענע.

האָבען זיי זיך דען אַ מאָל געקריגט?

מייטע

צו איציק׳ן אין א זייט.

פאַר וואָס ביסטו אַזוי שפעט געקומען?

איציק.

נו בין איך דאָך געקומען... אַזוי טרוקען וועט עס דיר נישט אָבגעהן...

ציפקע

קומט אריין.

חיענע

לויפט איהר אנטקעגען.

פאַרוואָס האָסטו דעם טאַטען מיט געוואַלד אויף דער חתונה נישט געבראַכט? קושען זיך.

איציק.

זייט וויסען, מומע, אַז אונזערער אַ מענש האָט פיינט קריוודעס... נו טאַנצט, ווייבער; טאַנצט, מיידען—וואָס שווייגט איהר? אז קיי־נער וועט נישט זעהן, וועל איך אויך כאַפּען אַ טענצעל. צו די צווייי יונגען, וועלכע שטיפען אָן א זייט מיט די מיידלעך. חיים! אברהמ׳ל! כאַפּט אַריין, ווען קיינער זעהט נישט! נו שפּילט, קלעזמער! די יונגען טאנ־צען. אָט אַזוי. איך וועל באַלד זעהן, אויב איך אַליין געדענק נאָך עפּיס—שטאַרקער שפּילט! אָט אַזוי... ער לאָזט זיך אוועק טאנצען. די יונגען טרעטען איהם אָב דעם פּלאַץ. טאנצענדיג כאַפּט ער יעדעס מאָל ארויס אנ׳אנדער מיידעל פון עולם און טאַנצט מיט איהר—שפּעטער כאַפּט ער ארום די כּלה, וועלכע פרובט זיך פון אָנפאַנג א ביסעל וועהרען, נאָר באַלד גיט זי נאָך. די פידעל מיט׳ן פּייקעל ארבּייטען מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג.

ערשטע פרוי.

גענוג שוין, זי וועט נאָך אין חלשות פאַלען.

צווייטע.

ווי פון קייט וואַלט ער זיך אָבגעריסען.

חיענע

ווינקט צו די קלעזמער, זיי זאָלען שוויינען. דאָס שפּילען רייסט זיך איבער.

מייטע

לאָזט זיך אראָב אויף איהר שטול. בלאַס.

איציק.

אָט אַזוי טאַנצען די שדים אין בלאָטע.

אפרוי.

טפּיי זאָל עס ווערען—געטראָפען אַ ריכטיגע צייט, ווען זייער נאָמען צו דערמאָנען.

איציק.

דער טייוועל וועט אונז נישט כאַפּען.

חיענע

בעט איהם.

געה, איציק, מיין קינד; געה צו די מאַנסלייט. געה צום

בענדעט

קומט אריין.

מען בעדאַרף די קלעזמער האָבען צום חתן.

איציק.

מזל טוב, פעטער; מיין טאַטע—אייער ברודער זאָגט, אז ער ווייס אויך, ווי עקשנות צו פיהרען.

בענדעט.

היינט פערשטער איך נישט קיין שמחה.

איציק

רעדט צו בענדעט׳ן

זעהט איהר, פעטער, אז איך בין אין אייך געראָטען. איך האָב

אויף פיינט שמחות צו פערשטערען. אַז אַ פעטער מאַכט חתונה זיין טאָכטער, איז איציק געקומען אויף דער חתונה.

**בענדעט**

ווינקט צו די קלעזמער און צו איציק'ן, זיי זאָלען מיט איהם מיטגעהן. זיי פאָלגען איהם.

**איציק**

רופט די יונגען מיט זיך.

קומט צום חתן! די יונגען מיט איציק'ן געהען ארויס.

**מייטע**

שיבט זיך אָן צו פיהלען שחאך.

קום צו מיר, מאַמעשי.

**היענע.**

וואָס איז דיר, מיין כשר קינד?

**ערשטע פרוי.**

איז, נעבעך, פער'חלש'ט פון פאַסטען.

**צווייטע פרוי.**

דאָס איז איהר פון טאַנצען נישט גוט געוואָרען.

**ערשטע מיידעל.**

ער האָט מיר שיעור הענט און פיס טאַנצענדיג נישט צובראָכען. אַנ'אַלגעמיין געלעכטער.

**צווייטע מיידעל.**

דאָס הייסט נאָך נישט געטאַנצט. אַז מען טוט זיך אויס באָרוויס און מען טאַנצט אין כאַפעניש — דאָס פערשטעה איך. צו א צווייטער. דו געדענקסט, זלאַטקע, דעם טאַנץ?

**דריטע מיידעל.**

איך קען צעהן-ערליי טענץ. איך קען זיי אַלע אויסטאַנצען. עס דערהערט זיך פון דרויסען א גערויש פון אָנגעקומענע פוהרען. עטליכע גלעקלעך קלינגען. אייניגע פון די שטוב-לייט איילען צום פענסטער, צום טיר — אנדערע געהען אויף דער גאס ארויס.

**חיענע.**

ווער האָט עס איצטער נאָך געקענט אָנקומען — אפשר פיניע?

**ערשטע מיידעל**

אין פענסטער קוקענדיג.

געסט; חתונה-לייט. אין גרויסע בריקעס געשפּאַנט.

**צווייטע מיידעל.**

איינס, צוויי, דריי — דריי אָנגעלאָדענע בריקעס זענען צוגעפאָהרען.

**דריטע מיידעל.**

אָט קומט אַ פירטע בריקע אָן.

**ערשטע.**

וואָס פאַר אַ מענשען! גאָר אונבעקאַנטע, זעהט אויס.

**חיענע.**

דאָס זענען געוויס סוחרים... פאָהרען ערגעץ אויף אַ יריד. קוק אין פענסטער.

**צווייטע מיידעל.**

זעהט נאָר, צו דריי פערד אין יעדען וואָגען געשפּאַנט!

**ציפּקע**

קומט אריין פון דרויסען.

סוחרים זענען מיט'ן וועג דורכגעפאָהרען, האָבען זיי דערהערט, אַז דאָ איז אַ חתונה, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט... זיי האָבען דערהערט די קלעזמער שפּילען.

**אַ מיידעל**

פון דרויסען אריינקומענדיג איבערראַשט:

גרויסע סוחרים, מיט די טייערסטע סחורות! זיי שפּאַנען אויס די פערד. זיי וועלען שוין דאָ מסתמא איבער נאַכט בלייבען.

**שאַכנע**

קומט אריין.

חי-חי-חי — ווי גאָט פערלאָזט אונז נישט. סוחרים'לאַך פון דער ווייט אָנגעקומען און דאָ זיך אָבגעשטעלט צום נעכטיגען. אַ גאַנ-

צער מנין מענשען. זיי וועלען מיט אונז צו דער גאָלדענער יויך בלייבען. צו מייטען. זעהסטו, טאָכטער, וואָס פאַר אַ מזל דו האָסט.

אַ שטימע
פון דרויסען רופט.

ויידע! דער זיידע וואו איז?

שאַכנע.

איך געה, איך געה. אָב. דרויסען שפּילען די קלעזמער.

שטימען.

— מען פיהרט דעם חתן. בעדעקענס.
— שטעלט זיך אויס. מאַכט אַ וואַרע.
— גרייט זיך צו מיט האָפען אין די הענט!

חיענע
פערלאַנגענדיג אַ זעקעלע מיט האָפען, פון וואַנען אַלע נעהמען אַן פולע הויפענס. אין ערוואַרטונג.

לייבוש

געפיהרט אונטער די הענט קומט אריין, געהט צו דער כלה און דעקט איבער איהר קאָפּ מיט אַ ברעג פון איהר שלייער. אין טיר בלייבען אַלע מחותנים, חתנ׳ס צד, אין ערוואַרטונג מיט ליכט אין די הענט. אַלע מיידלעך, געסט, בעשיטען איהם מיט האָפען פון אַלע זייטען ביז ער געהט אַרויס. —

אַ פרוי.

מייטעלע, באַלד וועט מען דיך אויך צו דער חופה פיהרען.

אַ פריילין.

באַלד, באַלד, מייטעלע!

ציפקע.

אָט שטעהט שוין די חופה! זעהט נאָר, זעהט נאָר, די סוחרים געהען אויך מיט.

שטימען.

— זיי האָבען זייערע לאַמטערנעס אָנגעצונדען און געהען צו דער חופה.

— אַך ווי שען!

מייטע.

איך וויל געהן צום פענסטער

ערשטע פרוי.

איצטער איז נישט רעכט אין פענסטער צו קוקען.

צווייטע.

זאָל זי אַ קוק טאָן. אַ קינד. וואָס שאַדט עס?

אַ פריילין.

באַלד, באַלד וועט מען זי אויך פיהרען.

שטימען.

— גרייט זיך צו, גרייט זיך צו.

— מייטעלע, באַלד וועסטו שטעהן אונטער דער חופּה.

היענע.

געהמט די ליכט פון די לייכטער אַרויס. ס'איז אין דרויסען דאָס מינדסטע ווינטעלע נישטאָ. דאָס שפּילען דרויסען ווערט שטיל.

שטימען.

— באַלד געהט מען נעהמען די כּלה.

— אין אַ גליקליכע שעה, מייטעלע!

— אין אַ מזל'דיגע שעה!

— בעזעצט גאָר אָהן אַ בדחן.

— ס'וועט שוין אַזוי אויך ליכטיג איהר מזל זיין.

— עס וועט שוין איהר מזל לייכטען, ווי די שטערענדלאַך אין הימעל.

— ווי די זון וועט איהר מזל לייכטען. הינטער דער טיר שפּילט די מוזיק, אָבער פיעל שטאַרקער. קענטיג, נאָך אייניגע אינסטרומענטען צוגעקומען.

אַ פריילין

לויפט אריין.

די סוחרים אַליין שפּילען. האָבען אייגענע פידלען מיט פייפלאַך. זיי זאָגען, אַז אַליין וועלען זיי די קלעזמער זיין. הערט, הערט, ווי זיי שפּילען.

**ערשטע פרוי.**

וואָז דער וואָס אין הימעל קען מאַכען!

**צווייטע.**

בעדאַרף מען זאָרגען, חיענע׳שי? אַז גאָט וויל, בעוויזט ער וואָס ער קען.

**דריטע.**

עס פערלויפט אין דער האַלבער וועלט נישט אַזעלכעס.

**א מיידעל.**

ס׳אַרא שפּילען! אויסגעהן קען מען,

**בענדעט**

קומט אריין, איז אין א בעהויבענער שטימונג—חי איינער זאגט: „זעהט, וואס עס קען פאסירען ביי בענדעט׳ן“.

זענט איהר שוין גרייט דאָ? אָט איז א חתונ׳קע. הינטער׳ן טיר קנאקט מוזיק.

**א פרוי.**

טאַטע-מאַמע, טאַטע-מאַמע וועלען זייער טאָכטער פיהרען.

**שטימען.**

— מאַכט אַ וואַרע!

— אין אַ מזל׳דיגער שעה.

**א מיידעל.**

שטעלט זיך אויס רעכטס און לינקס, פאַמעליך מיט די ליכט.

**צווייטע פרוי.**

מאַכט אַ וואַרע, טאַטע-מאַמע פיהרען זייער בת-יחידה צו דער חופּה!

**דריטע פרוי.**

הלואי שוין ביי מיינער געזאָגט געוואָרען און אויף אַזאַ אופן

**ערשטע פרוי.**

און מיט אַזאַ כבוד; און מיט אַזאַ שפע... פאַמעליך פאַמעליך, נישט פאַלט, חלילה, איבער׳ן שוועל. מען פיהרט ארויס די כלה, ביסלעכווייז

געהען אַלע אַרויס פון שטוב מיט די ליכט אין די הענט. בלויז צוויי ליכט בלייבען אין שטוב ברענען, פון דרויסען שלאָגט אַ מאַטע ליכטיגקייט דורך די פענסטער פון דער חופה-בעלויכטונג.

## איציק

געהט אַריין אין צימער דורך אַ זייטיגען פענסטער. ער אײַלט אין אַנדערען צימער אַריין. טראָגט פון דאָרט עפּיס עהנליכעס צו אַ טוך. ער זוכט נאָך עפּיס, נאָר באַלד פערשווינדט ער דורך דעם זעלבען וועג. אין אַ ווײַלע אַרום קומען אַריין דורך דעם פענסטער צוויי מיידלעך, פון די וואָס האָבען פאַר דער חופה בעטאַנצט, זיי טראָגען ביידע צוויי גרויסע קרענץ פון פעלד-בלומען געפלאָכטען.

## ערשטע מיידעל.

אָט אַזוי וועלען . . זיך שטעלען אַנטקעגען טיר — עס זאָל אויס-
קומען ווי אַ טויער. דו שטעל זיך רעכטס און איך—לינקס.

## צווייטע.

אָט דאָס וועט זיין שוין איין מאָל שען.

## ערשטע.

אונזערע בלומען זענען די שענסטע.

## צווייטע.

געוויס די שענסטע.

## ערשטע.

גרייט זיך צו. העכער הויב אויף דעם קראַנץ, ביידע זאָלען אויס-
קומען גלייך. אָט אַזוי, נאָך אַביסעל העכער. ביידע שטעהען אין ער-
ווארטונג, האלטענדיג די קרענץ אין דער הויך, אויסבילדענדיג אַ טויער. אונ-
טער דער טיר הערט זיך שרייען: „מזל טוב, מזל טוב". „מאַכט אַ וואַרע!"
„ביידע גלייך", „מיט'ן רעכטען פוס ז"ײ צוויי הייבער לויפען אַריין: אײַלען
אין צווייטען צימער אַריין. קומען אַרויס פון דאָרט טראָגענדיג אויף אַ טאַץ
אַ גרויסע געפלאָכטענע חלה און אַ פלעשעל וויין. טאַנצען אַנטקעגען טיר וואַר-
טענדיג חתן-כלה. באַלד ערשיינען חתן-כלה, נאָך זיי אַלע מחותנים. ווערענד די
מוזיק שפּילט הינטער דער טיר דרויסען, די ליכט ווערען אומגעקערט צוריק
אויף זייערע ערטער, חתן-כלה זעצט מען אַנידער אויבען-אָן. ישובניקעס, שבת-
דיג געקליידט, קומען אַריין, צווישען זיי איז איציק אויך פאַרהאַנען. זיין האַל-

טונג איז עפּיס פּערדעכטיג, מען זעהט, אז ער בעמיהט זיך יעדעס מאָל אויסצומיי־
דען זיך מיט בענדעט׳ן, דאָס שפּילען הערט אויף.

**בענדעט**

רעדט אין דער גאַס־טיר צו אימיצען אין דרויסען.

איצטער זענט איהר ביי מיר אָנגעלעגטע מחותנים. טוט זיך אי־
בער און קומט אַריין.

**חיענע.**

בעט זיי, בענדעט, זיי זאָלען באַלד אַריינקומען.

**אַייזיק.**

ווייסט ווי דען, זיי וועלען זיך נאָר איבערטאָן. פריהער, זאָגען
זיי, זענען זיי געווען קלעזמער, איצטער וועלען זיי זיין מחותנים...
נו, בענדעט, איצטער זענען מיר שוין אויף צום אמת׳ן מחותנים
געוואָרען, לאָמיר טאַקי ביידע טרינקען לחיים.

**חיענע.**

כ׳האָב מורא, בענדעט, ס׳וועט, קיין עיין־הרע, זיין קנאַפּ אָרט פאַר
אַלעמען.

**בענדעט.**

איך וועל די טירען אַרויסנעהמען און די ווענט פון מיין שטוב
פאַנאַנדעררוקען; פון די טירען וועט מען טישען מאַכען... צו אי־
ציק׳ן. וואָס שטעהסטו ווי אַ ליימינער גולם? ברענג אַריין די סטאָלי־
קעס, אויף וואָס מען שניידט האָלץ, נעבען שטאַל שטעהען זיי. און
איך וועל די טיר אַראָבנעהמען. ער נעהמט אראָב די טיר פון צווייטען
צימער.

**איציק**

בעהט אַרויס.

**מייטע**

וואָס איז די גאַנצע צייט ווי עפּיס אויף אַנ׳אַנדער וועלט.

פאַר וואָס, טאַטע, רעדסטו אַלץ מיט כעס צו איציק׳ן? היינט
איז דאָך ביי מיר חתונה—כ׳וויל, דו זאָלסט זיך מיט איהם איבער־
בעטען.

בענדעט
לאכס.

זעהסט דאָך, אַז איך בין שלום מיט איהם; כ'האָב איהם געהייסען די סטאָליקעס אַריינברענגען און שפּעטער וועלען מיר נאָך לחיים טרינקען. איך האָב פיינט שמחות צו פערשטערען. די מיידלעך סוד'ען זיך.

אייזיק.

דעם זיידען זעצען אויבען-אָן!

ערשטער מחותן.

דעם זיידען אויבען-אָן.

צווייטער מחותן.

מחותן, דעם זיידען פון אויבען-אָן, נעבען חתן-כלה. דער זיידע וועט נאָך היינט מיט אַלעמען טאַנצען.

שאַכנע.

אָ, נאָך ווי וועל איך טאַנצען. צו חתן-כלה. וועל איך עס מיט מיינע קינדערלאַך טאַנצען.

איציק

טראָגט אריין אַ פּאָר סטאָליקעס. עס ווערט פאַר זיי אָג'אָרט אויסגעזוכט. מען לעגט אויף זיי אַ טיר, חיענע דעקט איבער מיט אַ גרויסען גראָבען טישטוך און עס ווערט אַ טיש בעשאַפען.

בענדעט
קאָמאַנדעוועט.

נישט געזעסען — וואַשען זיך! דרויסען שטעהט אַ פאַס וואַסער.

א מחותן.

און בראַנפען האָסטו אויך אַ פאַס אָנגעגרייט, בענדעט?

בענדעט.

נישט איין פאַס האָב איך אָנגעגרייט. ס'וועט נישט פעהלען. דער עולם געהט איינציגוועיז ארויס און קערט זיך אום מיט נאַסע הענט, ביים טיר שטעהט אַ מחותנ'עסטע, האַלט אַ גרויסען גראָבען האַנדטוך, מיט וועלכען דער עולם ווישט

די הענט, און זעצען זיך שפעטער אויף די ערטער ארום די טישען, מענער בעזונדער און פרויען בעזונדער.

**בענדעט**

בעמיהט זיך יעדען צופרידען שטעלען און דאס טוט ער מיט איינגענהירדע, מיט שטאלץ.

**איזיק.**

אהא, די סוחרים געהען שוין! זעהט נאר, וואס זיי טראגען מיט זיך.

**לייבוש**

צו איציק'ן.

האסט כאטש א נ'אויג געווארפען, וואס פאר א פערד ביי זיי איז געשפאנט?

געלעכטער.

**איציק.**

כ'האב זיי אפילו אין די ציינער אריינגעקוקט.

**איזיק.**

וואס זאגסטו, בענדעט, צו זיי? עס קומען אריין צעהן סוחרים. יודישליך געקליידט. אנדערע מיט קאפעליושען און מיט גארטלען ארומגעגארטעלט. שענע בריטע בערד פאלען ביי אנדערע אויפ'ן ברוסט. טראגען מיט זיך פלעשער וויין, פערשיידענע פעקלעך. אריינקומענדיג גיבען זיי א ב „מזל-טוב". אין עולם הערט א שטילע בעוועגונג. ווי יעדערער וואלט וועלען זיין ארס פאר די געסט אבטרעטען.

**ערשטער סוחר.**

מיר פאהרען נישט מיט לעדיגען; וויין און נאך א פערבייסען צום וויין האבען מיר ביי זיך אין די וועגען געפונען. שטעלען די פלעשער וויין אויף די טישען. דער עולם קוקט נייגעריג.

**בענדעט.**

ביי מיר, א דאנק גאט, פעהלט אויך נישט.

**ערשטער סוחר.**

מיר וועלען פון אלע משקאות צוביסלעך פערזוכען.

צווייטער סוחר

יעדער ווײַן איז גוט. און דער בעסטער ווײַן איז אויף דער חתונה פון גליקליכע חתן־כלה. די ישובניקעס לאַכען צופרידען.

אייזיק.

שוין איין מאָל מחותנים!

חיענע.

ווען איך וואָלט עס וויסען, אַז אַזעלכע געסט וועלען זיך צו אונז אַראָבלאָזען,

בענדעט.

קיינער וועט נישט פערפרעמדט ווערען. איהר זעהט, דאָס איז דער חתן און דאָס איז די כלה — מיין טאָכטער — נישטאָ זיך מיט וועמען צו שעמען.

ערשטער סוחר.

שוין פאַרהאַן מיט וועמען צום טיש צו געהן.

בענדעט

צו די סוחרים.

רב אידען, איהר וועט זיך געהן וואַשען. די סוחרים וואַשען זיך. פערנעהמען זייערע ערטער.

חיענע

און צו איהר נאָך צוויי מחותנת'טעס טראָגען פון צווייטען צימער מאכלים פאר אלע געסט. מען טרינקט „לחיים" גאַנץ אָפט.

ערשטער סוחר

צו זיין שכן.

טראָג אַריין צוריק פון מיין וואָגען מיין פידעל.

צווייטער סוחר.

מיין פלייט זאָלסטו מיר אויך אַריינברענגען.

דריטער סוחר.

און מיין פידעל זאָלסטו אויך אַריינברענגען.

פירטער סוחר.

וועסט שוין דאָרט פערכאַפּען מיין קלאַרנעט. צווישען עולם אַ צופריי־דענע בעהעגונג.

חיענע

צו חתן-כלה.

אין וואָס פאַר אַ מזל'דיגער שעה מיר האָבען עס אַייך צו דער הופה געפיהרט! איין סוחר געהט ארויס.

אַסוחר

דערלאַנגט אַ פלאַש וויין בענדעס'ן.

גיסט אָן, מחותן, פון דעם ווין פאַר חתן-כלה.

בענדעט

בעקוקט די פלאַש.

דאָס איז שוין איין מאָל אַ וויין. גיסט פאַר חתן-כלה.

ערשטער סוחר.

איצטער וועלען מיר מיט די מחותנים טרינקען לחיים... דאַכט זיך, ר' בענדעט רופט מען אַייך?

בענדעט.

דער מחותן בענדעט וועט מיט אַלעמען לחיים טרינקען... מחותנים! וואָס שווייגט איהר... און דו, טאַטע, וואָס זיצטו עפּיס אַזוי? פער־געסען די אַמאָליגע יאָהרען? און דו, איציק, וואָס שטעהסטו אַזוי ווי אַ געפּגר'טער דאָרט אין ווינקעל? וואָס געווען איז געווען. מיט'ן פעטער בענדעט פיהר קיין ברוגז'ן נישט... וואָס געווען — איז געווען — היינט בעוויז וואָס דו קענסט.

אייזיק.

וואָס שווייגסטו טאַקי, איציק? מען הייסט דאָך בעווייזען וואָס דו קענסט.

איציק.

אַז מען הייסט, וועל איך. און דו, מייטע, און דו, לייבע — וועט איהר אויך מיט מיר לחיים מאַכען?

לייבוש.

מיט דיר שטענדיג; סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט.

**א י צ י ק.**

און דו, מייטע?

**מ י י ט ע**

ענטפערט נישט. קוקט, אימיצער זאָל איהר ארויסהעלפען.

**ח י ע נ ע.**

ווי לאַנג בין איך נאָך גאָר אַ קינד געווען —

**א י צ י ק.**

איהר מיינט, מומע, אַז מייטע איז נאָך איצטער אויך אַ קליין קינד?

**ח י ע נ ע.**

וואָס דען איז זי — נישט אַ קליין קינד?

**ע ר ש ט ע ר ס ו ח ר**

צו איציק'ן.

אָבער איהר, ווייזט אויס, זענט שוין גאָר קיין קליין קינד נישט. עס רופט ארויס א צופרידענעם געלעכטער ביים עולם.

**אַ ס ו ח ר**

טראָגט אריין צוויי פידלען, א פלייט און א קלארנעט.

איצטער וועלען מיר אַליין אויפשפילען.

**ע ר ש ט ע ר ס ו ח ר.**

און טאַנצען ביז אין טאָג אַריין.

**צ ו ו י י ט ע ר ס ו ח ר.**

און מאָרגען איז נאָך אויך אַ טאָג.

**ד ר י ט ע ר.**

ביז שבת וועלען מיר הוליען.

**ב ע נ ד ע ט.**

שוין א ביסעל פון חיין דערוואַרעמט.

איהר, רב אידען, פערגעסט אָן אַייערע ירידים; מען וועט דאָרט אויף אַייך וואַרטען.

**א מ ה ו ת ן.**

ווער וועט זיי שוין לאָזען פאָהרען.

**אייזיק.**

ווי פון הימעל אראָבגעפאַלען.

**ערשטער סוחר.**

נו, ברודער, אויפגעשפּילט זאָל ווערען אַ פרעהליכס! מען שפּילט אַ פרעהליכס. די איבעריגע סוחרים פּאַטשען מיט די הענט צום טאַקט.

**שטימען.**

— די מחותּנים זאָלען איצטער טאַנצען.
— בעוויזז, נאָר בענדעט, וואָס דו קענסט.
— און איהר, ר׳ אַייזיק, וועט זיך נאָך אויך דערמאָנען.
— די מחותּנים, די מחותּנים!
— אָט אַזוי, מאַכט אַ וואַרע!
— מיט די פלעשלאַך אין די הענט—חאַ-חאַ-חאַ –ביידע מיט די פלעשלאַך אין די הענט. אייזיק און בענדעט, מיט פלעשלעך אין די הענט, לאָזען זיך ארויס טאַנצען.

**בענדעט.**

לעבעדיגער, לעבעדיגער! אַייזיק, דו שטעהסט צו; לעבעדיגער!

**אַ שטימע פון עולם.**

איצטער אַלע אין קאַראַהאָד און התן-כלה אין מיטען! דאָס שפּילען דויערט. דער עולם נעהמט זיך האַנט ביי האַנט, טאַנצען אין קאַראַהאָד און אין דעם רעדעל טאַנצען חתן-כלה פאַר זיך בעזונדער, האַלטען פאַר די ברעגען פון אַ ווייס טיכעל.

**לייבוש**

ווינקט צו איציק׳ן, וואָס שטעהט פון ווייטען, ער זאָל קומען טאַנצען.

**איציק**

שרייט אויס.

מאַכט אַ וואַרע! די כלה וועט טאַנצען! מען מאַכט אַ וואַרע. דאָס שפּילען דויערט.

**מייטע.**

שטום, אָהן ווערטער לאָזט זי זיך ארויס טאַנצען; ווי אַ ווירבעל-ווינט טראָגט זי זיך; נאָכדעם לאָזט זיך איציק ארויס. ער ווינקט צו צוויי יונגען, וועלכע פאָלגען איהם

און טאנצען אין קאראהד אליין פאר זיך בעזונדער אזוי, אז די ערד ציטערט אונטער זיי.

אשטימע.

די מאַמע! די מאַמע! חיענע, וואָס שוויגט איהר?

חיענע

וערט אויך אין דעם טאנץ אריינגעשלעפּט.

שאַכנע

הויבט זיך אויף פון זיין אָרט, שכור'ליך, שטעלט אויפ'ן קאָפּ א פלעשעל און קלייבט זיך ארויס צו די טענצער.

איזיק.

שאַ—שאַ, שטיל זאָל עס זיין—דער זיידע וועט טאַנצען! דאָס שפּילען און טאנצען רייסט זיך איבער.

ערשטע פרוי.

בעווייזט, רב שאַכנע, אַזוי א טענצעל, די אינגערע זאָלען זיך פערשעמען!

שאַכנע.

ביי מיינע אייניקלעך וועל איך עס מאַכען אַ האָפּקעלע מיט אַ פלע-שעלע אויפ'ן קאָפּ און דאָס פלעשעלע זאָל מען פול אָנגיסען. א סוחר דערלאנגט איהם א פול פלעשעל וויין. ער הייבט אן צו זינגען עפּיס א ניגון און טאנצט נאָך דעם ניגון. דער ניגון איז בעקאנט די סוחרים און זיי כאפּען איהם באלד אונטער אויף זייערע אינסטרומענטען און שפּילען איהם נאָך. דער אלטער וואקעלט זיך פון די פיס, דאָס פלעשעל פאלט אראב פון קאָפּ אויף דר'ערד און צוברעכט זיך, עס רייסט זיך ביי'ם עולם ארויס אג'אונרוהיגער אויסגעשריי. דאָס שפּילען הערט אויף. שאכנע אליין שטעהט ווי פערוואונדערט, פערלירט זיך.

ערשטע פרוי.

אַלט איז נישט יונג.

אצווייטע

מען האָט עס נישט בעדאַרפט.

חיענע.

מיילא, זאָל עס זיין אַ כפרה פאַר אַלע זינד. קלייבט אויף די גלאָז.

בענדעט.

דאגה נישט, טאַטע, ס'וועט אַלץ גוט זיין. ער זעצט שאַכנען צוריק אויף זיין אָרט.

א ייזיק.

זאָל מען זיך איצטער נעהמען פאַר די דרשה־געשאַנק.

בענדעט.

זאָל זיין דרשה־געשאַנק. וואָס איז דאָס אַזוי אומעטיג געוואָרען? נו, אַ פלעשעל וויין איז צובראָכען געוואָרען, זענען אַנדערע פלעשער וויין פאַרהאַנען. עס וועט נישט פעהלען... גיסט זיך, אידען, מחותנים, לחיים... לחיים... נישט אומעטיג! אָט אַזוי, לחיים!

די סוחרים

סוד'ען זיך עפּיס. איינער פון זיי געהט ארויס.

בענדעט

רופט אויס.

ביידע מחותנים ווערען פאַר זייערע קינדער אויסבויען אַ קרעטשמע ביי'ם גרויסען טראַקט...

אמחותן.

אָט דאָס איז אַ דרשה־געשאַנק! אָט אַזוי פערשטעה איך.

א

איך בין מסכים. דערפאַר, בענדעט, האָב איך דיך ליב.

חיענע

ברענגט ארײַן פון צווייטען צימער א פאַר מעשענע לייכטער אויסגעשייערט.

און איך גיב צוויי פון מיינע לייכטער. וועסטו האָבען, מיין קינד, אין וואָס ליכט צו בענטשען. און אָט די דאָזיגע אוירינגלאַך גיט אויך די מאמע אָב פאַר איהר קינד. זי טוט אויס פון איהרע אויערען די אוירינגלעך און טוט זיי אָן מייטען.

ערשטער סוחר.

איך פיהר פאַר מיין טאָכטער אַ גאָלדענע קייט מיט אַ בראָש, איך וועל פאַר איהר אַנ'אַנדער קייט קויפען, און די דאָזיגע וועל איך דרשה־געשאַנק געבען. ער בעקומט פון בוזים־קעשענע פערוויקעלט א גאַל־

דענע קייט און אַ בראָש, געהט צו דער כלה. איך וועל עס איהר אַליין
וי מיין אייגען קינד, אויפ'ן האַלז אָנטאָן.

שטימען.

— אַך, וי שען! דאָס איז גאָר נישט צו גלויבען.
— גאָר נישט אָבצושאַצען.
— אמת גאָלד.
— ווער האָט עס אַזעלכעס אין די אויגען אָנגעזעהן?
— אפילו אין חלום נישט געזעהן.

צווייטער סוחר

בעקומט פון זיין בוזים-קעשענע פעריל, געהט צו דער כלה.

גאָט וועט מיר שוין צושיקען סוחרים, און זיי וועלען מיר פאַר די פעריל אויך בעצאָהלען. זאָל עס איהר די מאַמע אָנטאָן.

חיענע

גאַנץ אונגעשיקט טוט אָן די פעריל דער כלה.

מיין באָבע, זאָל זיין אין גן-עדן, האָט אויך קיין פעריל נישט געטראָגען.

אַ פריילין.

וואָס שווייגסטו, מייטעלע? וי גאָר נישט מיט איהר וואָלט עס געשעהן.

צווייטע פריילין.

ס'איז עפּיס גוט אַ כלה צו זיין, מייטעלע?

אַ מחותנת'טע

רופט אָב אָן אַ זייט אַ צווייטע.

הערסט, פעשע, מיר געפעלט עפּיס נישט די גאַנצע חתונה דאָ.

צווייטע.

מיינסט די סוחרים?

ערשטע.

עפּיס זעהען זיי מיר צו פיל געראָטען איינער אין דעם אַנדערען.

צווייטע.

כ'האָב עס מוראָ פון מיין מויל אַרויסצורעדען — זיי האָבען דאָך היינט די פוסטע קרעטשמע צעוואָרפען —

ערשטע.

מיר טוט גאָר באַנק, וואָס כ'בין אַהער געקומען. אין דער שטיל. פּעשע, דאָס איז, כ'האָב מוראָ פון מיין מויל אַרויסצורעדען...

צווייטע.

אפשר זאָל מען היינען אָבּרופען אָן אַ זייט און זאָגען?

ערשטע.

נעהמען און פערשטערען די שמחה — כ'ווייס, ווי טוט מען עס?

עס קימט אריין דער סוחר, וואָס איז געווען ארויסגעגאנגען, און טראָגט מיט זיך פעקלעך סחורה. עס ווערט צווישען עולם א גערודער. די צוויי מחותנת'טעס קערען זיך צו זייערע פלעצער, קוקען פון ווייטענס און סוד'ן זיך. ער לעגט די סחורות אויס אויפ'ן טיש נעבען התן־כלה. דער עולם און התן־כלה גאנץ פערווירט. ער פאקט אויס די סחורות.

שטימען פון עולם.

— איהר זעהט אַ ביסעל לייווענט! ווי זייד.

— אמת'ע וועב.

— ס'וועט דערפון זיין צעהן העמדער ווי די בעכער.

— אפשר מעהר ווי צעהן.

ערשטע פרוי.

מען קען דערפון טישטיכער מאַכען.

שטימען.

— זעהט נאָר זייד!

— מאַמעלאַך! וואָס פאַר אַ קלייד עס וועט דערפון זיין.

— גאָלדענע פאַרבען!

— זילבערנע קווייטען.

— פאַר דער מלכה אַליין.

— ווי נייט מען עס גאָר?

— ווי שניידט מען עס גאָר?

— און די טוך — טערקישע זייד!

— פרוכת־זייד.

— זעהט נאָר, ווי עס קלעפּט זיך צום האַנט.
— זעהט נאָר די פּאַרצעלייַ!
— זעהט נאָר די קווייטען!

אַ סוחר.

דאָס איז אַלץ פון דאָס בעסטע, פון דאָס טייערסטע. זאָל מען חי־
סען, וואָס פאַר אַ סוחרים עס זענען דאָ אַמאָל דורכגעפאָהרען.

מייטער סוחר.

זאָל מען געדענקען, אַז דאָ זענען אַמאָל סוחרים אויף אַ יריד
דורכגעפאָהרען און האָבען דרשה־געשאַנק געגעבען. ער פּאַקט אויס
די כוסות.

שמיטען.

— ס׳אַראַ כוסות!
— קריסטאָל!
— „פּסח“ אָנגעשריבען.
— גאָלדענע ראַנדען.
— גאָר אַנ׳עברה צו ניצען.
— ווי טרינקט מען גאָר אין אַזעלכעס?
— ס׳איז גאָר קיין וויין נישטאָ פאַר אַזעלכע כלים. די אלע מתנות
ווערען אין אַ גאַנצען הויפען אויסגעלעגט אויפ׳ן טיש, דער טיש ווערט פול
מיט זיי.

אַ סוחר.

און צו דעם אַלעמען גיב איך נאָך אַ פינף־און־צוואַנציגער.

צווייטער.

און איך גיב אַ פופציגער במזומנים (טוט עס).

בענדעט

גאַנץ גערירהרט. צו די סוחרים.

מיינע ליבע אידען, איהר בלייבט דאָ ביי מיר ביז איבער שבת,
מען וועט הוליען און טאַנצען ביז איבער שבת. איין טאָכטער
האָב איך; הוליען און טאַנצען ביז איבער שבת, וואָס זאָגט איהר,
רב אידען? די סוחרים לאַכען צופרידען.

**איציק**

װאָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען בײַ אַ פֿענסטער אָן אַ װײַס און האָט זיך אײַן דעם אַלעמען, װאָס ס׳איז פֿאָרגעקומען, נישט בעטײליגט, צום עולם.

נו גענוג שױן מיט די דרשה־געשאַנק. זאָלן די אידען װידער שפּילן און טאַנצן.

**בענדעט.**

טאַנצן און שפּילן! שפּילן און טאַנצן. אמת, אײַזיק? איך װעל מיט די געסט אַלײן טאַנצן.

**אײַזיק.**

די סוחרים װעלן טאַנצן מיט חתן־כּלה. מאַכט אַ װאַרע.

**בענדעט.**

יע, די סוחרים װעלן טאַנצן מיט חתן־כּלה.

**ערשטער סוחר.**

מיר װעלן שפּילן און טאַנצן.

**צװײטער.**

אַלע װעלן מיר טאַנצן. גרײט זיך צו.

**דריטער.**

נעהמט זיך בײַ די הענט אין קאַראַאָד!

**פֿירטער.**

אײן רעדעל זאָל אין דעם אַנדערען טאַנצן! אין קאַראַאָד!

פֿיר פֿון די סוחרים הייבן אָן צו שפּילן און נאָך דעם טאַקט פֿון דער מוזיק לאָזן זײ זיך אַלײן אין אַ אידיש טענצעל. נאָך זײ לאָזט זיך אַװעק דער גאַנצער עולם. דאָס טאַנצן װערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אָבער דערבײַ גאַנץ שטיל, װי פֿון אַ כּישוף אַרומגעכאַפּט. עס הערט זיך נאָר דאָס שפּילן און אַ שטילער ריטמישער טאַקט פֿון די טענצער, װעלכע מאַכן די גאַנצע שטוב פֿול. הענט מיט הענט שליסן זיך אַלץ פֿעס־טער און פֿעסטער. און קײנער מערקט נישט, װי אײַציק און מײַטע טאַנצן שױן בײדע צוזאַמען און אַזױ טאַנצענדיג דערנעהנטערן זײ זיך צום טיר, דורך װעלכע בײדע פֿאַר־שװינדן אין דער פֿינסטערער נאַכט.

אַ פ ר ו י

שרייט אויס.

די כלה וואו איז?! מיט איין מאָל שטעלט זיך אַלץ אין שטוב אָב. איינ

אוינעגבליק איז אַלץ פערשטיינערט; קוקט פערחידש.

ב ע נ ד ע ס

כאַפּט זיך דער ערשטער, וואָס דאָ איז געשעהן. שרייט אויס.

האַ-האַ! לאָזט זיך לויפען צום טיר.

ענדע צווייטער אַקט.

# דריטער אקט.

א טיף־בלויע נאכט. פון דער נאכט ארויס בלייכט זיך א זאמדיגער וועג, רעכטס, ביי׳ם זייט וועג, ליגט געהילץ פון א צעוואָרפענעם בנין. ניט ווייט פון געהילץ ברענט א פייערל. דער פייער האלט ביים דערברענען, נאָר פון צייט צו צייט צו־פלאַקערט ער זיך און אויף איין אויגענבליק בעווייזט זיך די געגענד דייטליכער און אין דער טיף בעווייזען זיך פעלדער מיט תבואות בעלאָדענע, וואו ניט וואו שווארצען זיך בוימער.

ס׳ דערהערען זיך פון ווייטען קולות פון מענשען אין די פעלדער, ווי איינער זאָל דעם אנדערען רופען. די קולות ווערען נעהנטער.

**אַ פרויען־שטימע.**

געה נישט אַהין. זעהסט דאָך, אַז קיינער איז נישטאָ.

**אַ מענער־שטימע.**

איך האָב קיין מורא נישט, כ׳האָב עפּיס גרעסערעס אויף מיין לעבען געזעהן. שרייט. איז אימיצער דאָרט פאַרהאַן?

**פרויען־שטימע.**

אַ פייער האָט אימיצער אָנגעלעגט. געה ניט, געה ניט.

**אַ מחותּן**

קומט אָן.

אימיצער האָט דאָ אַ פייער אָנגעלעגט, זעהט אויס, ניט לאַנג דאָ אַ פוהר געשטאַנען. קום אַהער, האָב קיין מורא ניט.

**פרויען־שטימע.**

שאַ, שאַ, מיר דאַכט זיך נאָך, אימיצער געהט. בענדעט׳ס קול הער איך.

**מחותּן.**

רוף איהם אַהער. ס׳איז ניט רעכט, ער זאָל אַליין אומגעהן.

פרוי.

ער איז ניט אַליין. אָט הער זיך איין

מחותן.

בענדעט! בען—דעט!

אַמענער־שטימע

פון ווייטען.

ווער איז דאָרטען?

מחותן.

קום אַהער, ביינישו! דאָ איז אימיצער געווען.

צווייטער מחותן

קומט אָן.

זעהסט, אַ פייער ליגט דאָ. ווער איז דאָרט, דיין ווייב?

ערשטער מחותן.

אַ נאַכט—אַ נאַכט, ס'איז מיר שוין דאָס ביסעל משקה דורכ'ן מינדסטען פינגער אַרויס.

צווייטער מחותן.

מען האָט בעדאַרפט בענדעט'ן מיט געוואַלד אין שטוב אַרייני בעהמען.

ערשטער.

מיר דאַכט, אַז איך האָב זיין קול גאָר ניט לאַנג געהערט—

פרויען שטימע.

יאָ, איך האָב געהערט. שווייגט, שווייגט.

ערשטער.

בענדעט, חיענע! רופען זיך ניט אָב. ערגעץ געשפאַנטע פערד געשטאַנען און געוואַרט אויף זיי. און האָבען זיך באַלד אָבגעטראָגען.

צווייטער.

מיט די סוחרים אינאיינעם.

ערשטער.

אַב'אָנג'ן שטעלסט מעשה געווען. בענדעט! בען־דעט!

צווייטער.

מען בעדאַרף פערל'עשען דאָס פייער. זוכט אויף דער ערד. אָט, זעהסט,

מיט אַ פּאָר פערד איז מען דאָ געווען. זייערע בריקעס געווען. איך דערקען דעם סליאַד מיט משאות געפאָהרען.

ע ר ש ט ע ר.

לאָמיר זיך לאָזען נאָכ'ן סליאַד.

פ ר ו י ע ן - ש ט י מ ע.

טוט עס ניט, טוט עס ניט.

ע ר ש ט ע ר.

טאָ לאָ'מיר אויפזוכען בענדעט'ן און אין שטוב איהם אַריינברענגען. ער וועט פון זיך די נשמה אַרויסטרייבען.

פ ר ו י ע ן - ש ט י מ ע.

דאָס בעסטע, דאָס בעסטע.

צ ו ו י י ט ע ר.

ער האָט געמאַכט דעם גרויסען לחיים, אפשר איז ער ערגעץ אין אַ גראָבען אַריינגעפאַלען.

ע ר ש ט ע ר.

אפשר איז ער גאָר אין טייך אַריינגעפאַלען.

צ ו ו י י ט ע ר.

אַך, ווען איך כאַפּ אימיצען פון זיי. כ'וואָלט צום טויט דערשלאָגען.

ע ר ש ט ע ר.

שאַ, שווייג, אימיצער פאָהרט. אפשר זענען עס די סוחרים.

צ ו ו י י ט ע ר.

מען פאָהרט מ'ט'ן אַנדערען וועג. לאָמיר זיי געהן איבערנעהמען.

ע ר ש ט ע ר.

איך וועל נאָר אַ שטעקען אויסזוכען.

פ ר ו י ע ן - ש ט י מ ע.

קומט שוין, קומט שוין פון דאָרטען.

צ ו ו י י ט ע ר.

מען פאָהרט דאָרט, ערשט די פערד כראָפּען. ער כאַפּט אַ שטיק האָלץ און לאָזט זיך לויפען.

**ערשטער.**

וואַרט אויף מיר. ער כאַפּט אויף עפּיס פון דער ערד, פערשווינדט.

**פרויען-שטימע.**

וואוהין לויפט איהר; מען זאָל אייך, חלילה, ניט הרגה'נען. בעסער קומט אַהער—איך הער ווידער בענדעטס קול אויף דעם אַנדערען זייט. מיר דאַכט, ער שרייט „ראַטעוועט"! די לעצטע ווערטער איהרע איז שוין שווער צו פערשטעהן. קענטיג, זי איז אנטלאָפען.

עס דערהערען זיך שנעלע טריט פון צווישען די תבואות.

**איציק**

קומט אָן. ער פיהרט פאַר'ן האַנט מייטען.

**איציק.**

אומזיסט דיין לויפען. וואָס ס'האָט בעדאַרפט, איז געשעהן.

**מייטי**

פערלעש דעם פייער.

**איציק.**

אויב אַ חתונה — זאָל זיין אַ חתונה. און מיט מיר זאָלסטו קיין צו-להכעיס'ען ניט שפּילען. אָט אַזוי — דאָ וועלען מיר זיצען און זאָלען זיי זייערע קעפּ זיך פערדרעהען. האָב קיין מורא ניט. דער טייוועל וועט זיי קיינעם ניט נעהמען. פיין, פיין. אימיצער האָט פאַר אונז אַ פייער אָנגעלעגט. פוהרען, ווייזט אויס, זענען דאָ אויך געווען — — — נו, וואָס שווייגסטו? זאָל אַהער קומען לייבוש, וועל איך איהם אויפ'ן פייער אַרויפוואַרפען ווי דעם...

**מייטע**

לאַכט געררהעט.

**איציק.**

עס געפעלט דיר ניט? איך וועל נאָך קלעזמער אַהער ברענגען.

**מייטע.**

וואָס וועט איצטער זיין?

אַיציק.

וואָס וועט איצטער זיין? עס וועט באַלד אַהער קומען דער טאַטע מיט מענשען.

מיטע.

מיינסט עס אויף אַנ׳אמת.

איציק.

און מיר וועלען זיך מיט דיין טאַטען אין אַ געשלעג אַריינלאָזען.

מיטע.

איך וועל עס נישט דערלאָזען.

איציק.

און דיין לייבוש׳ן וועלען מיר דעם רוקען איבערברעכען.

מיטע.

וואָס רעדסטו?

איציק.

דו מיינסט, אַז אַזוי טרוקען וועט עס דיר אָבגעהן? מיינסט, אַז אַזוי גרינג וועט עס דיר אָנקומען מיט איציק׳ן אַ שפּיל צו פערפיהרען.

מיטע.

אָט אַזוי, ווי דו זעהסט, קער איך זיך צוריק אַהיים.

איציק.

דו וועסט קיינעם איצטער אין דער היים נישט געפינען, זיי האָבען זיך אַלע אַוועקגעלאָזט איבער די פעלדער אונז זוכען... וואָס שווייגסטו?

מיטע.

איך געה אַהיים.

איציק.

געה דיר, אויב דו ווילסט, דו געהערסט נישט דיין טאַטען, נישט לייבען, — מיר געהערסט! און פון מיר וועסטו שוין נישט אַנטלויפען. וועסט שוין דעם גאַנציק דיינעם צוברעכען און צו מיר וועסטו אַנטלויפען. וואו דו זאָלסט נישט זיין, וועלען דיך שוין

שדים צו מיר ברענגען צוטראָגען. אין דער גרעסטער זאַווערוכע וועלען זיי דיך ברענגען.

מייטע.

איך קען דיר בעווייזען, אַז דו ביזט ביי מיר גאָר קיין גרויסער יחסן נישט. איך האָב דיך פיינט. איך האָב דיך שטענדיג פיינט געהאַט. איך האָב פאַר מיין טאַטען נאָר מורא געהאַט.

איציק.

איך פרעג נישט ביי דיר, צי דו האָסט מיך ליב, אָדער דו האָסט מיך פיינט.

מייטע.

לייבוש איז בעסער פון דיר. לייבוש קען גאָר נישט אַזוי גראָב רעדען, ווי דו רעדסט מיט מיר. לייבוש האָט מיך נאָך אַפילו קיין מאָל קיין קוש נישט געגעבען, און דו... דו לאַכסט... דו ביסט אַ גראָבער יונג. דו ביזט אַ פערד־הענדלער, און דו בעגעהסט זיך מיט מענשען ווי מיט פערד. איך האָב עס שוין אַ סך מאָל געזעהן. ווען דו ווערסט מיך וועלען ליב האָבען, ווערסטו מיך יעמאָלט מיט אַ בייטש שלאָגען. וויפיל מאָל האָסטו מיר שוין מיט דער בייטש דערלאַנגט?

איציק.

אַ שאָד, וואָס איך האָב איצטער אויך נישט מיין בייטש. איך מאָלט דיר בעוויזען, ווי איך האָב דיך ליב. נעהמט איהר האנט. ווייבסט? שטעל זיך ביי׳ם פייער. זאָלען דיינע טרערען אויפ׳ן פייער פאַלען, ווערסטו זעהן — דערפון וועלען מכשפות מיט בעזימער אין די הענט אַרויסשפּרינגען.

מייטע.

איך וויין נישט. די מאַמע מוז איצטער ווינען; רייסט זיך די האָר פון קאָפּ.

איציק.

דיין טאַטען האָט זיך געוואָלט אַ תתונה אָבשפּילען אָהן זיין אַלטען שותף. און ווען איך האָב אַפילו ביי איהם פון שטאָל די פערד

יאָ אַרויסגענומען — טאָ וואָס האָט איינס צום אַנדערען? איציק. זאָגט מען צו מיר, גיב אָב צוריק די פערד. זיי אַ גוטער ברודער. און איך וואָלט איהם אין זיין נאַרישער צורה אָנגעשפּיגען... און דו, אויב דו האַלטסט אַזוי מיט איהם, קענסטו זיך געהן אַהיים. לייבוש וואַרט אויף דיר. ער איז אַ גוטער. ער וועט דיר קיין בייז וואָרט נישט זאָגען. געה, לייבוש וואַרט דאָרט אויף דיר. וואָס שווייגסטו? נעהמס איהר ארום. זאָג מיר, וואָס שווייגסטו? פּונקט ווי דו וואָלסט זיך מיט'ן טייוועל אָנגערעדט עפּיס אַ קונץ צו דער־ווייזען. ווי די אויגען דיינע בלישטשען פּונקט ווי ביי אַ קאַץ. ווילסט מיך אפשר אַ ביס טאָן? נאַ ביים. נאַ דיר מיין האַנט — בייס! און איך וועל דיר דעם קאָפּ אַראָבדרעהען... זאָג מיר, פאַר וואָס האָסטו איינגעווילליגט, דיין טאַטע זאָל דיך פערהאנדלען צו אייזיק'ן.

מ י י ט ע.

לאָז מיר אָב די הענט.

א י צ י ק.

פאַר וואַס האָסטו צו די תּנאים געשוויגען?

מ י י ט ע.

לאָז מיר אָב די הענט.

א י צ י ק.

פאַר וואָס ביזטו אַזוי מיט'ן גוטען ווילען צו דער חופּה געגאַנגען.

מ י י ט ע.

מיט'ן גוטען ווילען בין איך געגאַנגען?

א י צ י ק.

געוויס.

מ י י ט ע.

שווער זיך.

א י צ י ק

שליידערט זי אָב פון זיך.

אָט האָסטו דיר מיין שבועה!

מייטע.

ניין, שווער זיך, צי איך בין מיט'ן גוטען ווילען צו דער חופה געגאַנגען.

איציק

בעהס צו איהר, נעהמס איהר פאַרביידע הענט.

איך וועל פון דיר אָט די דאָזיגע קליידער אַראָבנרייסען און אין פייער אַריין וואַרפען. ער וויל עס טאָן.

מייטע

מיטענד.

איך וועל דיר די הענט צובייסען, איך וועל דיר די אויגען אויס־דראַפּען... איך האָב ליב לייבוש'ן. דיך האָב איך פיינט, ווי אַ שפּין. איך האָב געוואָלט מיט איהם חתונה האָבען.

איציק.

שווער זיך!

מייטע.

איך זאָל זיך נאָך פאַר דיר שווערען?

איציק.

שווער זיך!

מייטע

גאַנץ אונערוואַרטעט רייסט זי פון זיך איהר בלוזע אַראָב און וואַרפט זיך איהם פלינק אין די אָרעמס אַריין אויסשרייענדיג.

אָט האָסטו מיין שבועה! טו מיט מיר וואָס דו ווילסט.

איציק.

וואָס טוסטו, מייטע?

מייטע.

איך וועל פון זיך אַלץ אַראָבנרייסען און זאָלען מיט מיר אַלע „נישט גוטע" הוליען... טוליעט זיך צו איהם, ציטערט. זאָג מיר, וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

איציק.

איך האָב דיך ליב — און מעהר קיין זאַך נישט.

מייטע.

ניין, נישט דו האָסט מיך ליב. דו אַליין קענסט גאָר נישט ליב האָבען אַזוי שטאַרק, דו אַליין קענסט גאָר נישט אַזוי מיין חיות צורייסען. ווי טויזענד איציקס וואָלטען זיך אינאיינעם געגומען און אַלע וואָלטען מיך ליב געהאַט. און אַלע וואָלטען מיך גע-קושט, און אַלע וואָלטען פון מיר שטיקער געריסען... דאָס איז נישט אומזיסט, איציק... זעה וואו מיר זיצען. אפשר איז די פּוסטע קרעטשמע אין דעם אַלעמען שולדיג? זעה וואו מיר זיצען... אפשר זענען עס גאָר קיין מענשען נישט געווען היינט אויף דער חתונה?... איך האָב מורא, איציק, איך האָב מורא... עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אין אַ צאָהן... דאָס ביזטו, איציק? אפשר ביזטו עס גאָר נישט איציק... אפשר... זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו מיך געבראַכט אַהער, אויף דעם אָרט, וואו כ'וועל בעדאַרפען מיין גאַנצען לעבען פוילען?... דאָס ביזטו. קושט איהם. דאָס זענען דיינע אויגען, דיין פּנים, דיינע הענט... אָט אַזוי דריק מיך פעסטער צו זיך, איך וויל דערקענען דיינע הענט, אָט אַזוי... ניין, דו קענסט דאָך מיך פעס-טער אַרומנעהמען, האָסט דאָך שטענדיג אַזעלכע שטאַרקע הענט געהאַט... איציק, האָב רחמנות אויף מיר... פיהר מיך צוריק אַהיים... האָב רחמנות אויף מיר... אַך ווי דו דריקסט מיך... איך שטאַרב, לאָז מיך אָב.

איציק

בעפרייט זי.

דיר איז קאַלט, נאַ דיר מיין רעקעל. איך וועל דיך צודעקען. וואָס ציטערסטו אַזוי? קום זעץ זיך נעהנטער צום פייער.

מייטע.

פאַר וואָס האָסטו מיך אַהער געבראַכט?

איציק.

ווייל אַהער וועט אונז קיינער נישט קומען זוכען.

מייטע.

ווער זענען געווען די מענשען, וואָס זענען דאָ דורכגעלאָפען?

איציק.

דורכפאָהרער האָבען זיך דאָ אָבגעשטעלט, די פערד צו פאַשען.

מייטע.

און מעהר גאַר נישט?

איציק.

וואָס דען האָסטו געמיינט?

מייטע.

זעהסט, ווי עס קנאַקען די העלצלאַך אויפ'ן פייער?

איציק.

יעדער פייער איז אַזוי.

מייטע

קוקט נייגעריג צום פייער.

ווי פייערדיגע שלאַנגען דרעהען זיך אַרום אין פייער.

איציק.

יעדער פייער איז אַזוי.

מייטע

איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט.

דו האָסט מיך ליב, איך ווייס עס. דו קענסט אָהן מיר נישט לעבען איך ווייס עס... איך בין זעהר אַ שלעכטע. איך שווייג שטענדיג, ווען מען פרעגט ביי מיר; אָדער איך זאָג עפּיס אַנדערש. איך שווייג ווי אַ קאַץ און פערקלער שלעכטע זאַכען. אָ, וואָס פאַר אַ שלעכטע זאַכען איך פערקלער.

איציק

איך קען דיך גוט. איך וועל דיר נאָך דיינע קעצעשע נעגעל אויס־רייסען מיט די פלייש אינאיינעם.

מייטע.

פאַר איין מענשען אין דער וועלט האָב איך מוראָ—דאָס איז מיין

טאַטע. אויף דער מאַמען האָב איך רחמנות... און דו, מיין נשמה, אַז איך האָב פאַר דיר אויך מוראָ... זאָג, וואָס וועט איצטער זיין?

**איציק.**

דו וועסט זיין מיינע.

**מייטע.**

ניין, איך וועל דיינע קיינמאָל נישט זיין.

**איציק**

גאַנץ רוהיג.

דו ווילסט נישט?

**מייטע.**

ניין, איך וויל דיינע נישט זיין. איך וויל זיין אימיצענס אַנדערש, נאָר דו זאָלסט מיך יעדעס מאָל דורכ'ן פענסטער אַרויס'גנב'ענען, אָט אַזוי ווי דו גנב'עסט אַרויס אַ פערד פון אַ שטאַל?

**איציק.**

און מיינע זיין ווילסטו נישט?

**מייטע.**

איך וויל זיין ווייט פון דיר, אַז דו זאָלסט אַליין נישט קענען אויסגעפינען, וואוהין איך בין אַהינגעקומען. דו וועסט אַרומגעהן ווי אַ משוגע'נער גאַנצענע טעג און גאַנצענע נעכט, נישט עסען און נישט טרינקען. וועסט די בעסטע פערד אַיינשפּאַנען און יאָגען זיך דורך וואַלד זומער און דורך פערשנייטע פעלדער ווינטער; ביז צום טויט וועסטו די פערד פעריאָגען; מיט אַ שוים וועלען זיי זיין צוגעדעקט — און אַז דו וועסט מיך שוין אַמאָל יאָ אויסגעפינען — וועסטו מיך, ווי איצטער, האַלטען אַ געבונדענע ביי'ם פייער און טאָן מיט מיר, וואָס דו וועסט אַליין וועלען.

**איציק.**

איך האָב דיך איצטער אויך נישט געבונדען.

**מייטע.**

האָסט מיט „נישט גוטע" אָבגעמאַכט, אַז זיי זאָלען מיך היינט ביי־נאַכט אַרומשלעפּען איבער די פעלדער. קושט איהם. ווייגט. איציק, היינט

ביינאַכט איז דאָך ביי מיר חופּה געווען. איך בין דאָך היינט אונ־טער דער חופּה געשטאַנען. אַזוי פיל מתּנות האָט מען מיר אָנגע־געבען, וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט.

איציק.

זאָג דו מיר, וואָס ווילסטו פון מיר?

מייטע.

איך וויל, אַז דו זאָלסט וויינען, ווי איך איצטער.

איציק

שיסט אויס מיט א געלעכטער.

מייטע.

לאַך נישט אַזוי הויך. מען וועט דערהערען, אַז מיר זענען דאָ.

איציק.

זאָלען זיי הערען. שפּעטער אָדער פריהער זאָלען זיי וויסען. שרייט קומט אַהער! קומט אַהער, דאָ זענען מיר!

מייטע.

שווייג, כ׳וועל דיר דאָס מויל פערשטאָפּען.

איציק.

קומט אַהער, קומט אַהער!

מייטע.

איך וויל נישט.

איציק.

קומט אַהער! קומט אַהער!

מייטע.

איך האָב דיך פיינט, ווי דעם ערגסטען.

איציק

שרייט.

דאָ איז מייטע — בענדעט, קום אַהער!

מייטע

רייסט זיך די האָר פון קאָפּ פאר כעס.

דו וועסט עס נישט טאָן!

איציק.

איך וועל עס יאָ טאָן. איך וויל קיין זאַך נישט בעהאַלטען. איין מאָל פאַר אַלע מאָל. זאָל זיין קלאָר פאַר אַלעמען. איך האָב דיך נישט געג'גנב'עט און כ'האָב זיך נישט וואָס צו בעהאַלטען מיט דיר.

מייטע

פאלט איהם צו די פיס.

טו עס נישט, איציק. איך וועל די נאַכט נישט אַריבערטראָגען. וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר האָבען? צי דען אַזוי וואָלט מיך לייבע בעהאַנדעלט? איך וועל דיינע קיינמאָל נישט זיין. קיינ-מאָל נישט.—אָ, מיר איז קאַלט, איך וועל היינטיגע נאכט נישט איבערלעבען... פאַרוואָס האָסטו פערשטערט מיין חופה-נאַכט? האָסט בעדאַרפט קומען מיט אַ האַק און מיר צופלעטען דעם קאָפּ, אָבער נישט טאָן דאָס, וואָס דו האָסט היינט מיט מיר און מיט אונז אַלעמען געטאָן. איך האָב דעם גאַנצען אָבענד געטראַכט, אפשר וועסטו נישט קומען; טאָמער וועסטו נישט קומען.

איציק.

און איך בין געקומען. און איך וועל דיר דיינע נעגעל אויסרייסען.

מייטע.

פאַר וואָס קומט עס מיר?

איציק.

איך וועל דיר דיינע אויגען, דיינע בייזע, אַרויסרייסען, דאָס לייב צופּאסעווען און דערנאָך וועל איך איבער דיר וויינען און דיין לייב קושען. ער ארעמט זי אום, קושט זי ליידענשאפטליך. דו ווילסט מיך פּייני-גען; דו ווילסט, איך זאָל מיר מיין קאָפּ צוברעכען; מיין האַרץ צוטרעטען. וואָס ווילסטו פון מיר? עס הערען זיך טרערען אין זיינע ווערטער. איך וועל אָהן דיר משוגע ווערען. דו וועסט מיך משוגע מאַכען. איך וועל אַנ'אָבגעריסענער אומלויפען איבער די פעלדער,

ווי אַ משוגע'נער הונט, און אַלע װעלען אין מיר שטיינער װאַרפען; אַלע װעלען אויף מיר דרענגענער װאַרפען. װאָס װילסטו פון מיר? אַלץ װעל איך דיר געבען. זאָל איך דיר דיינע הענט קושען? ער קושט איהרע הענט. אָט האָסטו דיר; זאָל איך דיר דיינע אויגען קושען?... אָט האָסטו דיר. נאַ דיר מיין האַרץ, צוריים עס און טרינק מיין בלוט אויס. עס דאָס פלייש אויף. צו-טרעט עס מיט דיינע פיס. נאַ רייס מיר די אויגען אויס און װאַרף זיי אין פייער אַריין... װאָס נאָך ווילסטו פון מיר? ס'איז דיר װעניג— װעל איך נאָך מיינע פיס מיר צוברעכען, אַז איך זאָל שטענדיג ליגען פאַר דיינע פיס און דו זאָלסט מיך ווי אַ הונט אָבשטויסען פון זיך...

**מייטע.**

מיט דיר אינאיינעם װעל איך מיר מיינע פיס צוברעכען... אָ, איך װעל שוין פון אַזאַ אומלויפען די פיס צוברעכען.

**איציק.**

איך װעל דיין [טאַטען איבערבעטען, און זאָל ער מיר דיך אָב-געבען.

**מייטע.**

מיט אונז ביידען איז היינט גישט פרעהליך.

**איציק.**

איך װעל לייבוש'ן אויך איבערבעטען, ער זאָל מיר מוחל זיין װאָס איך האָב דיך פון איהם צוגענומען פון אונטער דער חופה.

**מייטע.**

כ'האָב מורא.

**איציק.**

איך װעל עס אַלץ טאָן.

**מייטע**

צושראָקען.

איך האָב מורא.

**א י צ י ק.**

איך וועל מיט זיי אַלעמען דורכקומען.

**מ יי ט ע.**

איך האָב פאַר אַלצדינג מורא: פאַר דיר, פאַר'ן פייער, פאַר דער נאַכט, פאַר די פעלדער... רוף אימיצען; זאָל מען קומען אַהער... מיר דאַכט, איך הער אימיצענס קול אין די פעלדער, רוף, זאָל מען אַהער קומען. שרייט. קומט אַהער!

**א י צ י ק.**

שריי ניט.

**מ יי ט ע.**

קומט אַהער, איך בין דאָ!

**א י צ י ק.**

זיי וועלען דיך אַ נאַקעטע געפינען, וועלען זיי דיר דיין לייב צו־שניידען.

**מ יי ט ע.**

זאָלען זיי!.. קומט אַהער! איך האָב מו—ראָ.

**א י צ י ק**

קעמפפט מיט איהר, זי זאָל שווייגען, איהר געשריי ווערט אָבער וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.

**מ יי ט ע.**

נעהמט מיך פון דאַנען צו! קומט אַהער! קומט אַהער!

**א י צ י ק**

ווערט מיד שטרייטענדיג מיט איהר. ער לאָזט זי אָב.

**מ יי ט ע**

שטעהט פון דערווייטען.

איך האָב דיך פיינט. כ'בין מיט'ן גוטען ווילען צו דער חופה געגאַנגען. כ'האָב מיט'ן גוטען ווילען צוגעזאָגט דעם טאַטען, אַז לייבוש וועט מיין חתן זיין.

**איציק**

וויל געהן צו איהר.

**מייטע**

ביפּטיג.

געה אַוועק פון מיר! עס הערען זיך קולות פון ווייטען, עס שיינט, אַז מענשען קומען אָן.

**איציק.**

מען געהט אַהער! דער טאַטע געהט. אַלע געהען אַהער. דער טאַטע פאָהרט רייטענדיג אויף אַ פערד. געה, בעסער בעהאַלט זיך אין די קאָרענס, זיי זאָלען דיך נישט כאַפּען.

**מייטע.**

דו אַנטלויף. איך האָב קיין מוראָ נישט.

**בענדעט**

זיין שטימע הערט זיך פון ווייטען, אָבער מען זעהט איהם נאָך נישט.

ווער איז דאָרט?

**מייטע.**

איך בין עס, טאַטע; קום אַהער!

**איציק.**

אָט וועלען מיר באַלד זעהן. שרייט. קום אַהער, בענדעט! דאָ איז דיין טאָכטער. טאַנצט דאָ מיט'ן רוח אין דער פוסטער קרעטשמע!

**בענדעט**

קומט אָן.

ווער איז דאָ?

**מייטע**

װאַרפט זיך בענדעט'ן אויפ'ן

ראַטעווע מיך, טאַטעשי, ראַטעווע מיך, איך האָב מורא.

**בענדעט.**

וואָס איז דאָ געשעהן? גאָט מיין גאָט, ווי קומסט זי אַהער? איי־ל

איציק שטעהט אין שאָטען, מערקט איהם בענדעט נישט צוליב דעם פייער.

**איציק**

פון זיין פלאַץ.

גו, בענדעט, וואָס וועסטו איצטער זאָגען?

**בענדעט.**

ווער איז דאָרט? ווי קומט ער אַהער?!

**מייטע.**

נעהם מיך צו פון דאַנען, טאַטעשי; איך קען אַליין פון דאַנען נישט אַוועקגעהן.

**בענדעט.**

וואָס איז דאָ געשעהן. ווי קומסטו אַהער? דיינע קליידער וואו זענען? דיינע חתונה-קליידער?! גוואָס טוט ער דאָ?! וואָס טוט ער דאָ?!

**איציק.**

מיט'ן טייוועל האָסטו געשפּילט, בענדעט.

**בענדעט.**

האָסט אַהער מיין טאָכטער פערפיהרט, איך וועל דיר דיינע אויגען אויסרייסען!

ער לאָזט זיך צו איציק'ן.

**איציק.**

קאָך זיך נאָר נישט אַזוי. האָסט דאָך אַליין דיין קאָפּ פערלאָרען. שענער מענש, דיר איז נישט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט איציק'ן.

**בענדעט**

צו מייטען.

זאָג איהם, ער זאָל שווייגען!

**מייטע.**

טאַטעשי, נעהם מיך צו פון דאַנען.

**בענדעט**

ווי ער וואָלט ערשט איצטער בעמערקען דעם פייער.

וואָס איז עס פאַר אַ פייער?!

**איציק.**

דאָ ברענט דיין טאָכטער; דאָ ברענט דיין פערמעגען; דאָ ברענסטו אַליין, דו אַלטער נאַר!

**מייטע.**

שווייג איהם נישט! טאַטעשי, שווייג איהם נישט!

**איציק.**

נו, בענדעס, קום אַהער, דיין טאָכטער הייסס עס דיר.

**מייטע.**

שווייג איהם נישט, טאַטעשי, ער איז אין דעם אַלעמען שולדיג. ער אַליין, און מעהר קיינער נישט.

**בענדעט**

וואַרפט זיך אויף איציק'ן. עס הייבט זיך אַן צווישען זיי אַ ווילדער קאַמפף. ביידע פאַלען צו דער ערד, און דער שטומער קאַמפף ווייערט.

**מייטע.**

דערשטיק איהם, טאַטע, ער איז אין אַלץ שולדיג. דערשטיק איהם, וואַרף איהם אויפ'ן פייער אַרויף!.. אָט אַזוי, דערשטיק איהם. עס קומען אַן אייזיק, לייבוש, חיענע און נאָך מחותּנים.

**ח'יענע**

אין שרעק.

מייטע, מייטע, גאָט איז מיט דיר!

**אייזיק.**

ווער קייקעלט זיך עס דאָרט אויף דער ערד?

**לייבוש.**

ווער האָט עס פון איהר די קליידער אַראָבגענומען?

**אייזיק.**

ווער איז דאָרט? בענדעס! איציק... קומט אַהער, לאָמיר זיי פונאַנ-דעררייסען. וואָס איז דאָ? זיי וועלען זיך דערשטיקען. קומט אַהער! עס דויערט אַ שטילער אָנגעשטרענגטער קאַמפף, ביז מען נעהמט זיי ביידען פונאַנדער.

חיענע.

וואָס איז? שמע ישראל! בענדעט וואָס איז?

אייזיק.

ווער האָט עס זיי דאָביידען צונויפגעבראַכט? *איציק און בענדעט לאָזען זיך ווידער איינער צום אנדערען, נאָר מען האלט זיי ביידען פעסט איינער פון אנדערען דערווייטערט.*

לייבוש

*צו בענדעט'ן.*

מיט וועמען האָט איהר זיך פערבונדען? וואָס איז מיט אייך געשעהן?

אייזיק.

אין גאָטעס ווילען, אָט דאָ, אויף דעם דאָזיגען אָרט, מיט איציק'ן, מיט איהם—בענדעט, וואָס איז מיט דיר?

חיענע

*וויינט איבער מיטען.*

מיין קינד, מיין גאָלד, מיין ברילליאַנט, רעד אויס אַ וואָרט. ווער האָט עס דיך נאַקעט אין איין העמד געלאָזען? ווער האָט עס מיין שמחה פערשטערט?

אייזיק

*מיט פערדאכט.*

לאָמיר אַוועקגעהן פון דאַנען, וואָס גיכער לאָמיר געהן.

אמחות'ן.

ווי קומען זיי אַהער אויף דעם אָרט? ווער האָט דאָ דעם פייער אָנגעלעגט.

בענדעט

*שטעמט שווער.*

וואָס איז מיט מיר געשעהן? וואו בין איך? ... אַייזיק, קום צו מיר... מיט אונז איז נישט גוט... אַייזיק... *לאָזט זיך צו אייזיק'ן. אין שרעק.* לאָמיר פון דאַנען אַוועקגעהן. פיהר מיך, איך האָב קיין כח נישט.

חיענע.

מיין קינד, קום פון דאַנען. קום מיט מיר.

בענדעט

האַלס זיך אָן אייזיק'ן.

איך האָב גאָרנישט געוואוסט, וואו איך בין... מיט וועמען האָב איך זיך עס געשלאָגען? וועמען האָב איך עס געוואָלט דערשטיקען?

אייזיק.

קום פון דאַנען. ער פיהרט איהם. קום פון דאַנען.

חיענע

פיהרט מייטען.

מיין קינד; מיין קינד... זיי לאָזען זיך אַלע אוועקגעהן, נאָר עס קומט אויס, ווי זיי וואָלטען עפּיס אין אַ נעץ אריינגעפּאַלען און קענען זיך פון איהם נישט אַרויספּלאָנטערן; געהען אוועק און בלייבען דאָך אויף דעם אייגענעם אָרט. אויסער איציק'ן, וואָס שטעהט נעבען פייער גאַנץ זיכער און רוהיג.

בענדעט.

וואו איז דער וועג פון דאַנען?

לייבוש.

דאָ, רעכטס קומט; אָט איז דאָך די סטעזשקע.

חיענע.

לאָזט מיך נישט מיט מיין קינד אַליין.

אייזיק.

דאָ אַרום וועט מען דאָך צום ווינטמיל אויסקומען.

חיענע.

גלייך געהט, גלייך! וועה איז מיר; ווינד איז מיר. זאָל ווער אַהער קומען. רופט. אידען, קומט אַהער, העלפט אונז!

בענדעט.

וואו איז ער? זאָל ער ווייזען דעם וועג.

איציק

ריהרט זיך פון אָרט נישט.

**זַייזיק.**

נעהמט זיך אָן ביי די הענט; האַלט זיך שטאַרק... ביסלעכווייז פלאָנ־ טערען זיי זיך אלע אוועק, ווערען פערשוואונדען. עס הערען זיך נאָך זייערע שטימען. איינער שרייט: „רעכטס!" דער אנדער — „לינקס!" ביז עס ווערט אינ־ גאנצען שטיל.

**איציק**

קוקט א לאַנגע צייט אין דער ריכטונג, וואו זיי אלע זענען פערשוואונדען געוואָרען. שפייט אויפ'ן פייער.

ספוי זאָל עס ווערען! (דרעהט זיך האַסטיג אויס און ווערט פערשוואונדען אין דער פינסטערניש.

ענדע דריטער אקט.

# פֿידטער אקט.

בײַ בענדעט'ן. דאָס אײגענע צימער ווי אין צווייטען אקט, פֿאַרנאַכט.

עס שלאָגען זיך אין שטוב אַריין די שטראַהלען פֿון דער שקיעה.

**מ י י ט ע**

זיצט בײַ'ם פֿענסטער. טרויעריג. אָנגעטאָן אין איהרע וואָכעדיגע קליידער. די האָר אין אומאָרדענונג. קוקט יעדע מינוט אַרויס פֿון פֿענסטער, ווי זי זאָל אויף איםיצען וואַרטען. געהט אין צווייטען צימער אַריין, מיטלאָז און פֿערקלערט.

**ש אַ כ נ ע**

בעוויזט זיך מיט דער פֿלייצע אין טיר, און דאָס געזיכט צו דרויסען געווענדעט. רופֿט.

צִיפּ, צִיפּ, צִיפּ! צִיפּ, צִיפּ, צִיפּ! ווילען אין שטוב נישט אַריינגעהן...
צִיפּ, צִיפּ, צִיפּ, הינדעלאַך...

**מ י י ט ע**

קומט אַרויס פֿון צווייטען צימער. טראָגט איהרע מתנות, וואָס זי האָט אויף איהר חתונה פֿון די אָנגעפֿאָהרענע סוחרים בעקראָגען: זיידען-שטאָף, זיידענע טיכלעך, גאָלדענע ציהרונג און פֿעריל. זי הייבט זיך אָן איבערפּוצען אין דעם, פּרובט אויפֿ'ן קאָפּ אַ זיידען טיכעל. מעסט איהר גאָלדענע קעט אָן, מעסט די זייד, ווי עס וועט פּאַסען פֿאַר אַ קלייד.

**ש אַ כ נ ע**

אין טיר.

צִיפּ, צִיפּ, צִיפּ, הינדעלאַך! אין שטוב אַריין, הינדעלאַך.

**מ י י ט ע.**

וואָס בעדאַרפֿט איהר האָבען די הינער אין שטוב? שטערט זיך ניט מיט איהר אַרבייט פֿאַר'ן אַלטען.

**ש אַ כ נ ע**

מערקט נישט וואָס זי טוט.

אָבער נישט אַריינצוגאַרען זיי אין קאַטוך אַריין. לעגען זיך ערגעץ

אויפ׳ן בוידעם, אין די שטאַלען. זאָלען זיי זיך צוגעוועהנען צום קאַטוך.

מייטע.

די מאַמע וועט שרייען.

שאכנע.

זי וועט עס וועלען ליידען. דער קאָפּ איז איהר, נעבעך, פאַר־דרעהט, קען זי עס אַליין נישט טאָן... ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלאַך! ער בעקומט פון קעשענע אַ שטיקעל ברויט, צוברעקעלט עס, און שיט פאַר׳ן שוועל, רופט. ציפּ, ציפּ, ציפּ, הינדעלאַך... דער האָן, צו אַלדי שוואַרץ יאָהר, קלייבט אויף די ברעקלאַך אַליין און די הינער לאָזט ער נישט צו. אַקיש! פאַר אַלדי שוואַרץ יאָהר זאָלסטו געהן! ציפּ, ציפּ, הינדעלאַך! אין אלץ האָט מען פאַרגעסען. אַלץ אויף הפקר געלאָזען. אַ שטאַל פערד שטעהט, און מען זאָל עס גאָר צו זיי אַ קוק טאָן... ציפּ. ציפּ, ציפּ, הינדעלאַך!

מייטע.

איהר שיט ברעקלאַך פאַר׳ן שוועל — מען טאָהר נישט!

שאַכנע.

נישט קיין בייז; די הינער וועלען עס אויפקלויבען. ער בעמערקט אויף מייטען די צירונג. וואָס טוסטו, מיין קינד?! מען טאָהר נישט. וואַרף עס אַוועק! בעהאַלט עס. —

מייטע.

ס׳איז אפשר נישט שען?

שאַכנע.

ס׳איז נישט רעכט. טו עס אויס... ס׳איז נאָך נישט בעוואוסט, וואָס אין יענער נאַכט האָט זיך אָבגעטאָן... אפשר וועט גאָט געבען דעם דאַך שוין אויף הייבט אַרויפגעזעצט. זאָלען זיי געהן צוריק אין זייער רוה אַריין.

מייטע

נאָנט נאָאיוו.

דו מיינסט אויך, אַז נישט גוטע זענען אויף דער חתונה געוועזן?

שאַכנע

שטרענג.

נישט ברענג עס פאַר דיין מויל. ששש... נישט ברענג עס פאַר דיין מויל. מען ווערט עס גאָר בעדאַרפען פאַרברענען, וואָס זיי האָבען דאָ איבערגעלאָזען.

מייטע.

דאָס זענען דאָך געווען סוחרים, איציק קען זיי.

שאַכנע.

נישט דערמאָן זייער נאָמען, הערסט וואָס מען זאָגט צו דיר. דער אַכבעראָש, זיין נאָמען זאָלסטו אויך נישט דערמאָנען. נעהם אַ פאַטשיילע און דעק צו דעם קאָפ. מען טאָהר נישט אַזוי. דער טאַטע וועט קומען, וועט מען אײַנשפּאַנען פערד, און מען וועט פאָהרען צו אַייזיק'ן.

מייטע

לאַכט אין דער שטיל.

שאַכנע

קוקט זי אָן און שאָקעלט פער'דאגה'ט מיט'ן קאָפּ.

ווייסט, וואוהין דער טאַטע איז געגאַנגען?

מייטע.

איך ווייס נישט.

שאַכנע.

און די מאַמע?

מייטע.

איך ווייס נישט.

שאַכנע.

אַ שטוב איז חרוב געוואָרען; אַזאַ שמחה פאַרשטערט געוואָרען — און דו ווייסט גאָר נישט... ב״ז. דעם קאָפּ, מיין קינד, זאָלסטו צו־דעקען! — הערסט וואָס מען זאָגט צו דיר?

מ ײ ט ע.

ס'איז דאָך מײן דרשה-געשאַנק.

שאַכנע.

װען דער טאַטע זאָל איצטער זײן, װאָלט ער דיר דײן הויט צופאַסעװעט.

מ ײ ט ע.

ער װעט עס נישט טאָן.

שאַכנע

פײַבער.

אַז דײן זײדע זאָגט דיר, בעדאַרפסטו איהם אויף פאָלגען. פאָלג מיר, מײן קינד. טו עס אויס. װער װײסט, פון װאַנען דאָס האָט זיך גענומען. װער זענען זײ געװען, די אידען? אָנגעקומען, װי דער װינט װאָלט זײ אָנגעטראָגען. מיט פידלען, מיט פײפלאַך, מיט פויקען, דער גוטער יאָהר װײסט, װאוהין זײ זענען אַהינגעקומען... נעהם בעסער לעג אָן אַ פײער, מײן קינד, זאָל ליכטיג זײן אין שטוב.

מ ײ ט ע.

איך װיל נישט אײנשמירען די הענט אין סאַזשע.

שאַכנע

קוקט איהר פערדעכטיג אָן.

װאָס נאָך?

מ ײ ט ע.

איך װיל נישט אײַנשמירען די הענט אין סאַזשע.

שאַכנע.

װאָס איז דאָס?.. כ'האָב מורא צו בלײבען מיט דיר... ער שפּאַלט שטיקלעך קין. מען װעט עס פון דיר אַרויסטרײבען. ס'איז נאָך עצות פאַרהאַנען. ער לעגט אָן א פײער אויפ'ן קוימען. עס װערט אין שטוב ארויטער שײן.

מ ײ ט ע

שפּאַצירט אום איבער'ן צימער, אויף זיך אלע צירונג, װי זי װאָלט אימיצען ערװאַרטען.

שאַכנע.

געה דיר אוועק פון מיר, געה דיר אין יענעם חדר אַריין, ס'איז צו מערקען, אז דער אלטער שרעקט זיך חירקליך מיט איהר אליין צו בלייבען.

מייטע

שפאצירט צום צווייטען צימער, חיל אין איהם אריינגעהן, נאר שוין אין טיר דער־שרעקט זי זיך פלוצלינג. שפרינגט אב הינטער זיך, געבענדיג דערבייא געוואלדיגען קוויטש. זי פערלירט פון זיך א טייל פון די צירונג, וואס אויף איהר איז געווען אנ־געהאנגען.

שאַכנע.

וואָס אי?.. האָט נישט קיין דרייסט צוגעהן נעהנטער.

מייטע.

ווער איז עס דאָרט אין דער אַנדערער שטוב?! שרייט צום טיר פון צימער. ווער איז דאָרט?! שטעהט פון דערווייטען בלאס. ס'הערשט א טויטע שטילקייט. דער אלטער שטעהט אויך צושראקען און קוקט א מאל אויף מייטען און א מאל צום טיר פון אנדערען צימער.

מייטע.

געהט, ריידע, זעהט וואָס איז דאָרט?

שאַכנע.

ווען האָסטו דאָרט געזעהן?

מייטע.

ווער איז דאָרט?!

שאַכנע.

וואָס האָסטו געשריען?

מייטע.

איהר זענט דאָך אַנ'אַלטער איד, וואָס האָט איהר מורא אַריינצוגעהן?

שאַכנע.

מען הערט דאָך גאָרנישט. עס קומען אריין אייזיק און חיענע. זיי בלייבען פערוואונדערט א ווילע זעהענדיג שאכנען און מייטען אין אזא צושראָ־קענער פאזע.

חיענע.

וואָס איז דאָ געשעהן?

אייזיק.

ווידער אַ מעשה. משוגע קען מען דאָך דאָ באַנ׳אייך ווערען. אַלץ האָט זיך דאָ באַנ׳אייך אין שטוב איבערגעקערט מיט׳ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף.

מייטע

סוליעט זיך צו דער מוטער.

חיענע.

גאָט איז מיט דיר. וואָס האָסטו אויף זיך אָנגעטאָן אָט די דאָזיגע זאַכען... וואָס האָסטו עס אָנגעטאָן, וועה איז מיר... זי נעמט פאַר-זיכטיג אראָב פון מייטען די צירונג און לעגט עס אין שירץ אריין.

אייזיק.

וואָס האָט דאָ ווידער געטראָפען? וואָס שטעהט איהר אַזוי, ר׳ שאַכנע, און איהר שווייגט?

שאַכנע.

כ׳האָב די הינער געוואָלט אַריינגעהמען אין שטוב אַריין און כ׳האָב בשום אופן נישט געקענט זיי פאַרנאַרען. דער האָן, צו אַלדי שוואַרץ יאָהר, האָט אַלע ברעקלאַך אויפגעקליבען. מען ווייסט נישט, וואו זיי לעגען זיך.

אייזיק.

קוועטשט מיט די פלייצעס.

נו, איז וואָס? וואָס האָט עס מיט די הינער צו טאָן? ווי איהר זעהט מיך לעבען, איך בין דאָך עפּיס אַנ׳עלטערער מענש, איך הייב שוין אָן אַליין מוראָ צו האָבען פאַר אַייער שטוב. וואו איז בענדעט?

חיענע.

ער איז אין שטאָדט אַריין געפאָהרען אַנ׳עצה האַלטען זיך, וואָס צו טאָן, פרעגען, אפשר האָט אימיצער געהערט אָדער געזעהן די סוחרים... אפשר האָט מען זיי געזעהן דורכפאָהרענדיג.

אַייזיק.

האָט מען זי אויך בעדאַרפט מיטנעהמען.

מייטע.

וועמען?

אַייזיק.

טאַקי דיך מיין איך. האָסט אויך בעדאַרפט מיטפאָהרען מיט'ן טאַטען אין שטאָדט אַריין. וואָס האָסט עס אָנגעטאָן אויף זיך? זעהסט, אַז טאַטע־מאַמע געהען פון זינען אראָב, און דו... פאַרוואָס פרעגסטו זיך נישט נאָך אויף לייבוש'ן? פרעגסט נישט, וואָס ער מאַכט. ער האָט מיך געשיקט געוואָהר ווערען, וואָס מיט דיר הערט זיך — און דו פוצט זיך, דער גוטער יאָהר ווייסט, אין וואָס...

חיענע

לעגט אַרויס פאָרזיכטיג די צירונג פון איהר שירץ און דעקט עס מיט עפּיס צו.

שאַכנע.

געהט זעהט, וואָס איז דאָרט אַזעלכעס אין דעם אַנדערען חדר.

חיענע.

צינדט אָן אַ שטיקעל ליכט, וואָס רויכערט מען די קין, ווייס איך נישט וואָס?!

מייטע

געהט צום פענסטער און זעצט זיך דאָרט, שווייגט פערשטומט.

חיענע

צינדט אָן א ליכט.

וואָס האָבען זיי דאָרט געזעהן אַזעלכעס?

אַייזיק.

קומט, חיענע; קומט איהר, ר' שאַכנע, אויך. לאָמיר, אַדרבא, זעהן, פאַרוואָס מענשען שרעקען זיך. זיי געהען גאַנץ פאָרזיכטיג אַריין מיט א ליכט אין צווייטען צימער.

מייטע

קוקט פון איהר אָרט צום טיר אָנגעשטרענגט אין ערוואַרטונג, אין צווייטען צימער דער־

הערען זיך פלוצלינג קולות פון אַ הון, וואָס מען וויל כאַפּען און זי לאָזט זיך נישט. זי
ליקט פערוואונדערט מיט ברייט-געעפענטע אויגען.

חיענע

קומט ארויס, טראָגט אַ שוואַרצע הון.

משוגעים מענשען. די שוואַרצע הון איז דאָך עס. דער פענסטער איז געווען אָפען, איז זי אַריינגעשפּרונגען. אויפ'ן בעט איז זי געזעסען. אַלע בעקוקען די הון מיט פערדאַכט.

אייזיק.

איהר דערקענט זי? דאָס איז טאַקי אַייער הון?

חיענע.

גאָט איז מיט אייך. ווייסט, איך דערקען נישט מיין הון? שטענדיג זיצט זי אין שטאַל דאָרט מיט דער בהמה, און היינט — מען האָט זי גערופען — דער אַלטער נאר — נאָך וואָס, שווער, האָט איהר די הינער גערופען אין שטוב אַריין? ווער האָט עס אייך געבעטען?

אייזיק

בעקוקט די הון.

אַ וואַזשנע הון. שווער ווי אַ שטיין. ס'איז אַ פאַריאָהריגע, מסתמא?

חיענע.

איך וועל אומישנע געהן אין שטאַל אַריין און זעהן, צי די שוואַרצע הון איז דאָרט דאָ... צו מייטען. וואָס קוקסטו אַזוי פער-וואונדערט? זעהסט דאָך, אַז ס'איז אונזער שוואַרצע הון, דו דער-קענסט זי נישט? קומט מיט מיר, שווער, אין שטאַל אַריין, וועט איהר זעהן, אַז יענע הון איז דאָרט נישטאָ. זי געהט ארויס, שאַכנע געהט איהר נאָך מיט איין אָנגעצונדענע ליכט.

אייזיק

מיט דער הון אין האַנט.

געקומען דיך צונעהמען צו מיר אַהיים. לייבע האָט אויך געוואָלט מיטפאָהרען, נאָר איך האָב מיר מישב געווען — איך וועל אַליין צופאָהרען געוואָהרע ווערען. — הערסט וואָס מען רעדט צו דיר?

מייטע.

איך וועל נישט פאָהרען.

א ײ ז י ק.

לײבוש װעט דיך אויף די הענט אַרומטראָגען

מ ײ ט ע.

איך װעל צו אײך נישט געהן.

אַ ײ ז י ק

שטרענגער.

װײסט, אַז דו ביזט מיט איהם אונטער דער חופּה געשטאַנען? ביזט זײן װײב.

מ ײ ט ע

גלײכגילטיג.

איך האָב איהם נישט ליב.

א ײ ז י ק.

מען פרעגט נישט בײ דיר, צי דו האָסט איהם יאָ ליב אָדער נײן. קוקט פערדעכטיג אויף דער הון, װאָס בײ איהם אין האנט — װי ער װאָלט נישט װיסען, װאָס צו טאָן מיט איהר. הער װאָס מען רעדט צו דיר.

מ ײ ט ע.

איך װעל צו אַײך אַהײם נישט געהן.

א ײ ז י ק.

איהר װעט דאָך אין יענער קרעטשמע נישט װאױנען. שוין, װערט זי פערברענט. מען האָט זי דאָך צוריק אויף איהר אָרט אַװעק־געשטעלט — זאָל זי דאָרט פוילען, איך װעל פאַר דיר און לײבען אָבגעבען מײן אַנדערע האַלבע שטוב.

מ ײ ט ע.

און איך װעל צו אַײך אַהײם נישט געהן.

א ײ ז י ק.

מען האָט שוין דאָרט אַפילו אויסגעקאַלכט אויך.

מ ײ ט ע.

איך האָב איהם נישט ליב.

אייזיק.

זאָלסט זעהן, וואָס פאַר אַ פּאָר דעמבענע בעטען מען האָט געמאַכט פאַר אייך... זאָג, פאַר וואָס האָסטו איהם פיינט? קלערסט נאָך אַלץ וועגען איציק׳ן? איצטער איז שוין אַלץ פאַרפאַלען. וואָס ווילסטו פון איהם? ער איז דאָך אַ גנב. ער האָט דאָך דיין טאַטען אומגליקליך געמאַכט. פּלוצלינג. איך מיט׳ן טאַטען, מיר וועלען דיך בינדען און מיט געוואַלד וועט מען דיך אַוועקפיהרען. הערסט? ווייסט, אַז דו ביזט אַ אידישע טאָכטער?! מען וועט דיך אין חרם אַריינוואַרפען. וואָס געהסטו מיט אַ הוילען קאָפּ?! צוליב דיר איז דאָ אַזאַ פאַרדרעהעניש געוואָרען. וועסט נאָך דיין טאַטען און דיין מאַמען פון זינען אַראָבפיהרען... וואָס שווייגסטו? ווילסט מיר שוין גאָר נישט ענטפערן? פון מיינטוועגען — ס׳האַרט מיר פאַר דיר גאָר נישט. זאָל שוין דיין טאַטע טאָן מיט דיר וואָס ער וויל, ס׳איז זיינע אַ טאָכטער... הערסט, מען וועט דיר געבען גט׳ און אַנ׳עק מיט אַ סוף וועט עס נעהמען... נו, וואָס שווייגסטו? איך בעדאַרף דאָך לייבוש׳ן אַ תשובה ברענגען. וואָס זאָל איך איהם זאָגען?

מייטע.

זאָגט איהם, אַז איך וועל צו איהם נישט קומען.

אייזיק.

מיינסט עס טאַקי אַזוי צו טאָן? עס וועט דיר אַזוי גרינג נישט אַראָבגעהן. צו דער הון. אַ די כפרה זאָלסטו געהן! וואָס האָט מען מיר אַ הון אין האַנט געגעבען, איך זאָל זיך האַלטען מיט איהר?!

מייטע.

זאָגט לייבוש׳ן, אַז ער זאָל אַליין קומען, וועל איך מיט איהם רעדען

חיענע און שאַכנע

קומען אריין.

שאַכנע.

דאַכט זיך, אַז זי זיצט דאָ־ט.

חיענע.

דער גוטער יאָהר חייסט, אין דער פינסטער זענען אַלע הינער שוואַרץ.

אייזיק.

איז זי דאָרט נישטאָ?

חיענע

נעהמט פון אייזיק'ן די הון.

פאַר וואָס ס'איז דאָ פאַרהאַן מורא צו האָבען.

אייזיק.

חי שטיל זי איז.

חיענע.

איך וועל זי אַריינוואַרפען אין קאָטוך אַריין. זי טוט עס. אַנעק זאָל עס נעהמען; איך וועל פון זיבען אַראָב. אַלץ האָט זיך אויף מיין קאָפּ אַראָבגעלאָזען. שוין, מען האָט דאָך שוין די קרעטשמע אויך צוריק אויפגעבויט. אַ כפרה זאָל עס געהן פאַר אַלע זינד פריהער צעוואָרפען, איצטער ווידער אויסגעבויט — זאָל עס אַ סוף נעהמען... מיין קינד, אייזיק איז געקומען דיך נעהמען צו זיך אַהיים.

אייזיק.

איך האָב גערעדט מיט איהר, וויל זי אפילו גאָר נישט ענטפערן. איך זאָג איהר, אַז מען האָט פאַר איהר די אַנדערע העלפט שטוב אויסגעקאַלכט, אַ פּאָר דעמבענע בעטען אַוועקגעשטעלט — זאָגט זי — כ'ווייס וואָס זי זאָגט. זי איז דאָך אַ טאָכטער — זאָל איך מיר מוסר נפש זיין? מיין זוהן וועט זיך אויך נישט לעגען אַ לעבעדיגער אין דער ערד אַריין.

חיענע.

מיין קינד, הער וואָס מען רעדט צו דיר. איך וועל זיין שטאַרקער פון אייזען, אַז איך וועל עס איבערטראָגען. פאַר וואָס קומט עס מיר? אויס טרערען. פאַר וועמעס חטאים? רעד אַ וואָרט. מען פרעגט דאָך ביי דיר, ווי ביי אַ מענשען — וואָס ווילסטו האָבען פון מיר?

**א י י ז י ק.**

לייבוש'ן, זאָגט זי — האָט זי נישט ליב.

**ש אַ כ נ ע.**

און איך זאָג, אַז מען האָט עס נישט געטאָרט. אייזיק איז שול-דיג. האָבען זיך פריהער מיט איציק'ן דאָס וואָרט געגעבען, זי מיט איציק'ן, און קיינעם נישט דערצעהלט. איצטער טשעפּעט זיך עס.

**א י י ז י ק.**

מען פרעגט נישט ביי איהר, צו זי האָט דאָס וואָרט געגעבען. זי האָט אויך אַ גרויסע דעה?

**פ י י ט ע**

פּלוצלינג.

יע, דאָס וואָרט געגעבען. דער טאַטע אליין האָט דאָס וואָרט גע-געבען און שפּעטער האָט ער חרטה געהאַט.

**א י י ז י ק**

איבערראַשט, אויסער זיך.

צו אַייערע קעפּ זאָל עס אויסגעהן — ווי איהר האָט מיר מיט מיין קינד די קעפּ פּערדרעהט.

**ח י ע נ ע**

שרייט אויך אויפגעבראַכט.

וואָס זענט איהר אַהער יעמאָלט געקומען דרעהען אונז אַ מוח מיט דער קרעטשמע? ווער האָט אייך געבעטען, איהר זאָלט די קומען קויפען? זי איז געשטאַנען פּוסט, האָט עס קיינעם נישט בעדאַרפט דאַרען דער קאָפּ. וואָס זענט איהר געקראָכען אין דער בלאָטע אַריין? מען האָט בעדאַרפט פריהער אין שטאָדט אַריין פאָהרען; מיט מענשען זיך מישב זיין, צו מען זאָל עס גאָר טאָן. וואָס האָט איהר פון מיר געוואָלט? איך האָב מורא געהאַט. איך האָב געשריען, אַז איך האָב מורא. מיין קינד האָט אַ חתן געהאַט. און איהר זענט געקומען און בענדעט'ן דעם קאָפּ פּאַרדרעהט.

אייזיק.

נאָך אַזעלכע טויזענד ווי מיר ביידע וועט בענדעט דעם קאָפּ פֿאַרדרעהען. אַ שענע מעשה, כ׳לעבען, איך האָב גאָר בענדעט׳ן דעם קאָפּ פֿאַרדרעהט.

חיענע.

בענדעט ווייס דאָך נישט, אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט ער געהט אַרום. קרעטשמע איין און קרעטשמע אויס — אָט איז ער געשטאַנען און געציטערט ווי אַ פֿיש, מען זאָל זי שוין וואָס גיכער צוריק אויפבויען. אָט האָט ער זיך גאָר געלאָזט יאָגען, די פֿערד פֿאַרשמיסען, טאָמער וועט ער די סוחרים ערגעץ טרעפֿען. ער איז דאָך פֿאַרווירט געוואָרען. ער ווייסט דאָך אַליין נישט וואָס ער טוט. און אין דעם זענט איהר אַלץ שולדיג.

אייזיק.

וועט מען איהר געבען גט.

חיענע

וויינט.

צו אַייער קאָפּ וועט עס אויסגעהן! וואָס האָט מען צו מיין קינד געהאַט? וואָס האָט מען פֿון מיין איין און איינציג קינד געוואָלט? אַזאַ ליכטיגע נשמה — וואָס האָט מען זיך אויף מיר אָנגעזעצט?

שאַכנע.

געגוג שוין; זאָל שוין זיין גענוג.

ענע.

פֿאַר וואָס האָבען זיי זיך יעמאָלט ביי נאַכט ביידע געשלאָגען. שיעור צום טויט נישט דערשטיקט. וואָס האָט איהר בענדעט׳ן אָנגערייצט אויף איהם? גט׳ן, זאָגט ער גאָר, וועט ער מיין טאָכטער.

שרייט. איך לאַך פֿון אַייער קאָפּ! איך וויל אייך נישט קענען.

אַכנע.

בעקלער זיך וואָס דו רעדסט, חיענע.

אייזיק.

איך הייב מיך שוין אויך אָן צו שרעקען. איז דאָס חיענע? כ׳האָב זי דאָך

קיינמאָל נישט געהערט אַזוי רעדענדיג. חיענע — און אַזאַ מויל. איך גלויב דאָך מיינע אייגענע אויערען נישט. נאָך וואָס האָב איך עס בעדאַרפט האָבען אַזאַ פעקעל צרות אויף מיין קאָפּ? פון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס כ'האָב מיך מיט אַייך פאַרבינדען, איז ווי איך וואָלט אַריינגעפאַלען צו נישט-גוטע אין די הענט אַריין. די הויט מיינע ציטערט אויף מיר.

חיענע.

וואָס האָט איהר געהאַט צו מיין קינד, וואָס?

אַייזיק.

וואָס האָט איהר צו מיין קינד געהאַט, וואָס? איך וועל...

בענדעט

רייסט זיך אריין אין שטוב, מערקט קיינעם ניט. ער טראָגט א בונט שטרוי. שטאָפט די שטרוי אין אויוועז אריין און צינדט עס אָן. שרייט צו די הויז-לייט.

גיכער, לעגט שפענער אין אויוועז אַריין! וואָס שטעהט איהר ווי די ליימענע גולמ'ס. העלפט מיר אָנלעגען אַ פייער. נאָך שפענער אין אייוועז לעגט! איילט צוריק אין דרויסען ארויס.

חיענע און שאַכנע.

פאָלגען בענדעט'ס בעפעהל. ווי פאר'כשופ'טע ארבייטען זיי ביידע ביים אויוועז. לעגען טרוקענע שפענער קין. וואָס זיי געפינען אונטער דער האַנט שטאָפען זיי אין אויוועז אריין, פערגעסען גאָר אָן דעם גאַנצען שמועות, וואָס עס איז ביז בענדעטס אריינקומען בעפיהרט געוואָרען.

מייטע

בלייבט אויף איהר פלאַץ גאַנץ גלייכגילטיג צו דעם, וואָס עס קומט פאָר.

ק.

עס שטעלען זיך מיר די האָר אויף מיין קאָפּ קאַפּויער. ניין, מען מוז מיט דעם אַלעמען אַ סוף מאַכען. נעהט שנעל ארויס, א קלאַפּ געבענדיג מיט דער טיר.

ענע

מערקט גאָר נישט, אַז אייזיק איז שוין אוועק. מייטען.

װאָס שװײגסטו, מײטע? ברענג אַרײן נאָך טרוקענע האָלץ, גיכער.
נאָך שטרוי ברענג אַרײן. מאַכט דעם פײער אַלץ גרעסער און גרעסער.

בענדעט

לויפט אַרײן װידער. ער טראָגט אויף זיך אַ גאַנצען געשפּאַן פון אַ פּאָר פערד; צװײ כאָמוטען, לאַבעדריקעס, צוימען, אַ בײטש אויף אַ לאַנגען טראָסטענעם שטעקעל. ער הײבט עס אַלץ אָן צו פּאַקען אין אויװען אַרײן, שרײט.

העלפט מיר; װאָס שטעהט איהר װי די לײמענע גולמ׳ס?! העלפט מיר עס אין אויװען אַרײנשפּאַרען. צו אַלדי שװאַרץ יאָהר די כאָמוטען קריכען נישט... ברענגט מיר אַ האַק אַהער? גיכער, אַ האַק—װאָס שטעהט איהר? מײטע, גיב מיר די האַק אַהער! מען דערלאַנגט איהם אַ האַק און ער, מיט אַ װילדען כח הײבט ער אָן צו האַקען די כאָמוטען אויף שטיקער און שפּאַרט עס אין אויװען אַרײן. שרײט. נאָך שטרוי פון אויבען לעגט! אָט אַזוי, איצטער נאָך שפּענער. אויפ׳ן אויװען ליגען טרוקענע שפּענער, גיט זײ אַהער. אָט אַזוי... מען זאָל נישט װיסען, װאָס דאָ ברענט אַזעלכעס אין אויװען... ער ציטערט פאַר אויפּ־רעגונג, קוקט אין אויװען אַרײן װי עס ברענט. אַ שװײס גיסט זיך פון זײן פּנים.

חיענע

קומט צו זיך, װענדעט זיך צו בענדעט׳ן.

זאָג מיר, װאָס איז געשעהן אַזעלכעס?

בענדעט

עפענט דעם פענסטער און קוקט אַרויס, צו די שטוב־לײט.

איהר הערט גאָרנישט? זעהט, מען פאָהרט נישט אַהער?

שאַכנע.

װאָס איז פאַר אַ ברענען אַזעלכע זאַכען?

בענדעט

אײלט װידער צום אויװען, זעהט װי עס ברענט און באַלד קערט ער זיך צוריק צום פענסטער.

איצטער האָב איך שוין קײן מוראָ נישט. זאָלען זײ קומען.

היענע.

אָבער װאָס איז געשעהן?

בענדעט.

וואָס איז געשעהן? אומגליקליך האָבען מיר געקענט זיין. אפשר דרייסיג גוים לאָזען זיך אהער זוכען יענע פערד. זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז יענע פערד זענען ביי מיר. אימיצער האָט דער־טראָגען. אפשר דרייסיג גוים, מיט רידעלס אויף די פלייצעס, לאָזען זיך גלייך אַהער. זעה, צי עס ברענט. זאָל קיין שליאַד דערפון נישט בלייבען. דאָס איז דאָך פון יענע פערד דער געשפאַן געווען.

חיענע

שפייט דריי מאָל אויס.

טפוי זאָל עס ווערען. אָהן כחות בין איך געבליבען. די נשמה איז מיר שיער נישט אַרויס. זעצט זיך. איך האָב שוין קיין כח נישט. אוי איך האָב שוין קיין כח נישט.

בענדעט

קוקט אין פענסטער

שאַכנע.

וואָס זעהסטו דאָרט?

חיענע.

יענע פערד האָסטו דאָך אַליין געקויפט. געקויפט האָסטו דאָך חעה איז מיר. דערמאָן זיך, בענדעט. האָסט דאָך אַליין פאַר זיי בעצאָהלט... וואָס איז מיט דיר? פאַרוואָס האָסטו אַזאַ געשפאַן פאַרברענט? וואָס האָט זיך דיר גע׳חלומ׳ט? וואָס זאָגט איהר, שווער׳ צו אַזאַ אומגליק? דאָס זענען דאָך די פערד, וואָס דו האָסט אויפ׳ן יריד געקויפט און בעצאָהלט פאַר זיי...

שאַכנע.

דאַכט זיך טאַקי, אַז דאָס זענען געווען יענע פערד.

בענדעט

שווייגט, דער קאָפּ אראָבגעלאָזען. חי ער וואָלט זיך איבערלעגען, צי איז עס ווירקליך בעקויפטע פערד געווען.

חיענע.

נישט אַנדערש, דו ביזט פון זינען אַראָב. זי קוקט אין אויגען, וויינט.

פאַרברענט. אַזאַ גוטס. אַליין מיט די אייגענע הענט פאַרברענט. די גוים זענען פון פעלד געגאַנגען, פון דער אַרבייט. דאָס גראָבען זיי דאָך אַ גראָבען געבען וואַלד. האָסט דאָך אַליין געזעהן, ווי זיי גראָבען דאָרט...

בענדעט

מיט אראָבגעלאָזענעם קאָפּ.

אויב אַזוי, פאַרשטעה איך שוין. איך הייב שוין איצטער אָן צו פאַרשטעהן וואָס דאָ איז געשעהן. ער געהט צום אויוען און קוקט, ווי עס ברענט, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איצטער, הייסט עס, הייב איך שוין אָן אַלצדינג צו פאַרשטעהן. מען האָט זיך גענומען צו מיר... אַזוי גלאַט וועט עס מיר נישט אָבגעהן. איך האָב „זייער" נעסט צע-רודערט דאָרט. די קרעטשמע האָב איך צעוואָרפען... נו, האָב איך זי דאָך שוין צוריק געלאָזט אויפבויען. אַ חתונ'קע האָבען זיי מיר אויפגעשפילט מיט אַ דרשה-געשאַנק... דרשה-געשאַנק האָבען זיי מיר געבראַכט... טוט פלוצלינג אַ נעהם דעם אַלטען שאכנען פאר'ן האנט. קום מיט מיר, טאַטע, כ'וועל דיך אויפזעצען רייטענדיג, קום מיט מיר...

חיענע

אין שרעק.

וואָס מיינסטו צו טאָן?

בענדעט.

קום, טאַטע, מיט מיר! דער אלטער האט אפילו קיין צייט נישט זיך ארומ-צוקוקען, ווי ער איז שוין פון בענדעט'ן אויפ'ן גאס ארויסגעפיהרט.

חיענע.

וואוהין, בענדעט? וואוהין פיהרסטו דעם אַלטען?! קוקט אין פענ-סטער. וואוהין, קינד מיינס, זענען זיי געלאָפען?... גאָט מיין גאָט. וואָס איז מיט אונזער שטוב געוואָרען? זעה נאָר, ער זעצט דעם אַלטען אויפ'ן פערד אַרויף. אוי וועה, ער וועט דאָך אַראָבפאַלען! זעה, אַ גאַנצען סנאָפּ שטרוי האָט ער מיטגענומען!... ווי זיי האָ-פּען זיך עס אַוועקגעטראָגען! — זי טרעט אָב פון פענסטער. וואו איז פרגעץ אייזיק? וואו איז ער? מען האָט גאָרנישט געזעהן, וואוהין

ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען. ער איז אַנטלאָפען געוואָרען? ער האָט דערזעהן, אַז ס'איז אַנ'אומגליק, איז ער אַנטלאָפען געוואָרען. אַ שאָד, איך וואָלט איהם מיט הייסע וואַסער אָבגעגאָסען, וואָס האָבען זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס האָבען זיי געוואָלט פון מיין קינד? מייטעלע, מיין גאָלד, מיין לעבען, קום צו מיר, מיין נשמה, טייערע, מיין קרוין, קום צו מיר...

מ יי ט ע

פאַלט דער מוטער אין די אָרעמס.

ח י ע נ ע

קושט זי.

מיין קינד, איך וועל עס נישט אויסהאַלטען. איצטער איז אין שטוב קיינער נישטאָ, זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר? וואָס איז מיט דיר אין יענער פינסטערער נאַכט געשעהן?

מ יי ט ע

קושט די מוטער.

איך וויס גאָר נישט, וואָס מיט מיר איז געשעהן. איין זאַך גאָר וויס איך, אַז אָהן איציק'ן וועל איך נישט קאָנען לעבען.

ח י ע נ ע.

וואָס האָט ער פון דיר געוואָלט יענע נאַכט?

מ יי ט ע.

ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיך קיינעם נישט אָבגעבען. ער איז דאָך מיט מיר אינאיינעם אונטער דער חופה געשטאַנען. ער איז מיין חתן, האָט ער געזאָגט, און איצטער איז ער מיין מאַן, האָט ער געזאָגט...

ח י ע נ ע

אין פערצווייפלונג.

וואָס זאָל זיך טאָן? וואָס זאָל איך מאַכען. אַלץ האָט זיך דאָ אין שטוב איבערגעקערט. אַלץ האָט זיך פאַרפלאָנטערט. איך דערקען זיך אַליין נישט. איך דערקען בענדעט'ן נישט. איך דערקען מיין רעכטע האַנט נישט. מיט וועמען זאָל איך זיך אַנ'עצה האַלטען?

מייטע.

ווען מען וועט מיך אַפילו בינדען, וועל איך די שטריק צורייסען און צו איציק'ן וועל איך לויפען. איך וועל איהם צו די פיס פאַלען און זאָל ער מיך מיט זיינע פיס טרעטען. זי קרעמפפט זיך פאר אינערליכע שמערצען. איך קאָן אָהן איהם נישט לעבען. אפשר האָט ער מיר אַ כשוף אָבגעטאָן, אָבער איך מוז צו איהם לויפען. איך וועל נאָך הייניגע נאַכט פון שטוב אַנטלויפען. וועסט מיך היטען און איך וועל פון שטוב אַנטלויפען... איצטער האָב איך פאַר קיינעם קיין מוראָ נישט. כ'האָב נישט וואָס אָנצווערען. כ'האָב פאַר'ן טאַטען אויך קיין מוראָ נישט. איך וועל איהם מעהר נישט פאָלגען. איך זעה, אַז ער האָט שוין אַליין חרטה... איך זעה עס גוט...

הינטער'ן פענסטער הערט זיך קלינגען א גלאָק, ווי אימיצער זאָל צום שטוב צופאָהרען

מייטע

שפרינגט אויף.

איציק! ער איז געקומען!

חיענע

איבערראשט.

מייטע

שרייט.

איציק! איציק, גיכער קום אַהער!

איציק

קומט אריין.

מייטע

פאלט איהם אויפ'ן האלז.

חיענע

וויינט.

גוטע מלאכים האָבען דיך געבראַכט. גאָט אַליין האָט דיך געבראַכט.

איציק.

וואָס איז מיט דיר, מייטע?

מייטע

מיט אַ פערשלאָגענעם אָטעם.

נעהם מיך צו פון דאַנען.

חיענע.

אומגליקליכע זענען מיר.

איציק.

ווי איהר זעהט אויס.

חיענע.

מיר האָבען שוין קיין כח נישט. אָ, מיר האָבען שוין קיין כח נישט.

מייטע

קושט זיינע הענט.

נעהם מיך צו פון דאַנען. אָט באַלד, איידער דער טאַטע וועט קומען. די מאַמע וועט מיך לאָזען. מאַמע, זאָג איהם, ער זאָל מיך צונעה-מען פון דאַנען. אַ ניט וועל איך שטאַרבען.

איציק

מערקט די פערשיידענע צירונג אין שטוב.

זייד, צירונג—אַלץ איבער'ן שטוב צוואָרפען.

חיענע

ווי זי וואָלט עס ערשט איצטער מערקען.

אָט דאָס האָט מיך אומגליקליך געמאַכט.

איציק.

וואו איז בענדעט? איך האָב איהם אָבגעבראַכט זיין פערד. יעמאָלט ביינאַכט איז ער געקומען רייטענדיג און דעם פערד האָט ער איבערגעלאָזען אויף הפקר. ווען איך נעהם איהם נישט צו, וואָלט ער געוויס פערפאַלען געוואָרען. צו מייטען, וואָס טוליעט זיך צו איהם. דיין טאַטען האָט זיך געוואָלט מיט'ן טייוועל שפּילען און ער האָט אַייזיק'ן מיט זיין קדיש פאַר שותּפים צוגענומען. און דו, סחורה שענע, צו אַזאַ טאַטען זאָגט מען: איך בין נישט קיין פערד און דו זאָלסט מיך נישט פערקויפען!

חיענע.

וואָס זאָל איך טאָן? אַז איך האָב ביי איהם קיין דעה נישט.
ווי זי זאָל זיך ערשט איצטער דערמאָנען, אַז בענדעט מיט'ן אלטען זענען אוועק
יע, בענדעט מיט'ן אַלטען, זאָלסטו מיר געזונד זיין, איציק, וואוהין
זענען זיי געלאָפען... געה, איציק, מיין קינד, זעץ זיך אויף רייטענ-
דיג און לויף זעה, וואו זענען זיי.

איציק.

וואוהין דען?

חיענע.

זיי האָבען זיך ערגעץ רייטענדיג אַוועקגעיאָגט. ווי אַ משוגע'נער
האָט ער דעם אַלטען אַ כאַפּ געטאָן... געה, מיין קינד.

מייטע.

געה נישט, געה נישט. פריהער האָב נאָך כח געהאַט אַליין צו
בלייבען—איצטער קען איך שוין נישט מעהר.

איציק.

קומט, לאָמיר אַלע פאָהרען זיי זוכען, איהר וועט זיך צו מיר אין
בריטשקע אַריינזעצען. און וואָס פאַר אַ זייט זענען זיי געפאָהרען?

חיענע.

איך ווייס נישט.

איציק.

וואוהין, מייטע, זענען זיי געפאָהרען?

מייטע.

איך ווייס נישט.

איציק.

איז דאָך נישטאָ וואָס צו פאָהרען אומזיסט. אין די פענסטער פון דרויסען
הייבט אָן צו שלאָגען אַ רויטער שיין, ווי ערגעץ נאָהנט וואָלט אַ שרפה אויסגעבראָכען.

מייטע

בעמערקט עס צום ערשטען, מאכט אַ ליאַרעם.

זעהט, זעהט, זעהט!

**א י צ י ק.**

עס נעצט ערגעץ גאָר נאָהנט פון דאַנען.

**מ יי ט ע.**

דאָס האָבען זיי די פּוסטע קרעטשמע אונטערגעצונדען!

**ח י ע נ ע**

וואַרפט זיך צום פענסטער.

נישט אַנדערש, זיי זענען פון זיינען אַראָב!

**מ יי ט ע**

אין דער גרעסטער אויפרעגונג.

אַליין די קרעטשמע אונטערגעצונדען...

**ח י ע נ ע.**

לאָמיר לויפען, גיכער!

**א י צ י ק**

האַלט חיענען.

וואו ט'איהר לויפען? איהר האָט נישט נאָך וואָס צו לויפען...

**ח י ע נ ע.**

מיר זענען פאַרלאָרען, פאַרביי, פאַרביי... אַלעס אין שטוב איז אָנ־געשטרענגט.

**מ יי ט ע**

מיט אויפרעגונג און שמחה. רייסט זיך אַזש די האָר פון קאָפּ.

דער טאַטע, נאָר ער האָט עס געקענט און מעהר קיינער נישט.

**ח י ע נ ע.**

איציק, האָב רחמנות, לויף זיי אַנטקעגען. איך וועל עס נישט איבערטראָגען.

**מ יי ט ע**

כאַפּט איהם פאַר ביידע הענט.

זאָלסט אונז נישט איבערלאָזען אַליין. זי הערט זיך צו. מען פאָהרט־איך הער ווי זיי פאָהרען שוין. לויפט צום פענסטער. אָט איז ער שוין דאָ! אַלע קוקען צום טיר אין ערוואַרטונג.

**בענדעט**

קומט ארײן; בלאַס, צושראָקן. אַ שוים שלאָגט איהם פון מויל ארויס. ער לאָזט זיך אראָב אויף דעם ערשטען און בעסטען פּלאַץ. כמעט אין אונמאַכט. ער שעפּטשעט עפּיס, נאָר ס'איז שווער צו הערען.

**מייטע.**

טאַטעשי, טאַטעשי... קישט איהם.

**בענדעט**

מערקט נישט איציקין.

מיט אַלץ געקאָנטשעט. אַ סוף זאָל עס נעהמען. ווי עס האַלט איהם אַטעם אויספּעהלען. אַלץ זאָל מיט'ן פייער געהן... מאַכט די פענסטער צו. איך זאָל דאָס פייער נישט זעהן... האָבען מיך ביז צום שטוב באַכגעיאָגט; אָ, ווי ס'האָט זיך צופלאַקערט...

**איציק**

גאַנץ פאַרזיכטיג.

וואָס איז מיט אייך, פעטער?

**בענדעט**

מערקט איציק'ן, שרייט אויס אין שרעק.

דו ביזט דאָ! ער וויל זיך אויף איהם וואַרפען, נאָר ער לאָזט זיך מאַכטלאָז אראָב צוריק אויף זיין אָרט. וואָס טוט ער דאָ?! חיענע, מייטע, ווי קומט ער אַהער?!

**חיענע.**

בענדעט, האָב גאָט אין האַרצען. זעה, וואָס דו מאַכסט פון זיך. וויינט.

**איציק.**

וואָס האָט איהר צו מיר, פעטער? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אייך געטאָן. איהר אַליין האָט זיך דעם קאָפּ פאַרדרעהט.

**בענדעט**

מיט דער גרעסטער אויפרעגונג.

ווי קומט ער אַהער?!

**מ יי ט ע.**

טאַטעשי... טאַטעשי, האָב אויף מיר רחמנות...

**ח י ע נ ע**

שלאָגט זיך פון די בחורת אַרויס, פערצווייפעלט.

האָב גאָט אין האַרצען, בענדעט. וואָס האָסטו זיך אין קאָפּ אַריינגענומען. בעדענק זיך, בענדעט.

**ב ע נ ד ע ט.**

גיט מיר שטרוי, פייער... כ'וויל אַלץ מיט'ן פייער אַוועקלאָזען. ער לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג פון דאָרט פייער צו בעקומען, מען לאָזט איהם נישט.

**ש אַ כ נ ע**

קומט אַריין, פערמאַטערט, דערשראָקען, קוים וואָס ער לעבט.

אַנ'איינפאַל אַביסעל, שלעפּט מיך מיט, איך ווייס אַליין נישט וואוהין ער פיהרט מיך. אַזאַ בגין אונטערצינדען. ברענט ווי אַ שטאָל-קאַרק.

**ב ע נ ד ע ט**

שעפּטשעט.

טאַטע, צינד די שטוב אויך אָן. לאָמיר געהן פון דאַנען. זאָל אַלץ מיט פייער געהן, לאָמיר זיך אַליין מציל זיין... צינד אָן, טאַטע, איך האָב קיין כח נישט. דאָרטען „זייער" נעסט פערברענט—ווע-לען „זיי" איצטער מיין שטוב פול מאַכען...

**א י צ י ק.**

פעטער, איך האָב אייך דעם פערד אָבגעבראַכט, וואָס איהר האָט יעמאָלט ביי נאַכט אין פעלד פערגעסען.

**ב ע נ ד ע ט.**

וואָס פאַר אַ פערד?!

**א י צ י ק.**

אין דער חופה-נאַכט.

**ב ע נ ד ע ט.**

וואָס פאַר אַ חופה-נאַכט?!

ח י ע נ ע.

ווען איז מיר, אַלץ האָט ער פערגעסען.

א י צ י ק.

ווען די סוחרים זענען געווען.

ב ע נ ד ע ט

פערשטעקט די אויערען.

אָה, איך קען נישט הערען!

ש אַ כ נ ע.

צייט די וועלט שטעהט איז גאָר אַזעלכעס נישט פערלאָפען.

ב ע נ ד ע ט

הייבט זיך אויף, וויל געהן, נאָר ער פאַלט פון די פיס. ווי ער וואָלט גאָר זיינע כחות פערלאָרען. מען פיהרט איהם אין צווייטען צימער אריין.

ח י ע נ ע

געהט איהם נאָך, וויינט.

בענדעט, מיין קרוין, וואָס איז מיט דיר? אין די פענסטער ווערט דער רויטער שיין שוואכער.

ש אַ כ נ ע און מ יי ט ע

העלפען פיהרען בענדעט'ן אין צווייטען צימער.

א י צ י ק

בלייבט אליין.

מ יי ט ע

לויפט אריין צו איציק'ן. ווארפט זיך איהם אויפ'ן האלז. זי קושט איהם וויינע הענט ווי איין אונטערטעניגע חיה, איהר שטימע ציטערט.

וואָס האָסטו פון אונז געמאַכט? דו ביזט אַרוצח. האָסט אונז אַלעמען אַוועקגע'הרג'עט... דו ביזט אַגזלן. האָסט קיין רחמנות נישט..

אין צווייטען צימער דערהערט זיך פלוצלינג, פריהער א שטילער קאמפף, און באלד קלינגען צובראָכענע שויבען. באלד הייבט אָן צו שלאָגען פון סיר א רויטער שיין און פלאַמען בעווייזען זיך. חיענעס און שאכנעס געשרייען הערען זיך א ווילע נאָר באלד קלינגט ווידער צובראָכענע שויבען און ס'איז צו דערקענען, אז דאָרט

שפרינגט מען דורך די פענסטער אויף דער גאַס אַרויס. די פלאַמען פון צווייטע צימער שלאָגען שטאַרקער, אַ רויך זעצט אַרויס און עס שפּירט זיך, אַז אַלץ ווערט אין פלאַמען אַרומגעכאַפּט.

**מ ײ ט ע**

שפּרינגט אויף ווי אַ פּערוווירטע. וויל זיך אין צווייטען צימער וואַרפען.

**א י צ י ק**

כאַפּט זי פעסט אַרום.

וואוהין לויפסטו? זיי זענען דורך די פענסטער אויף דער גאַס אַרויס.

**מ ײ ט ע**

קעמפּפט מיט איהם.

לאָז מיך אַהין אין פייער אַריין!..

**א י צ י ק**

איצטער וועסטו שוין פון מיר נישט אַנטלויפען... נעמט ווי אַ פעדערל טראָגט ער איהר פון דער ברענענדיגער שטוב אַרויס.

**ע נ ד ע**

